# KHURBN BYALISTOK

Srolke Kot





NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
AMHERST, MASSACHUSETTS

סראָלקע קאָט

# חורבן ביאַליסטאָק

אַרויסגעגעבן פון
אַ גרופּע פריינט
בוענאָס איירעס 1947

# כורבן און ביאליסטאק

מיטן ארויסגעבן דאס בוך „כורבן ביאליסטאק", דערפילט דער קאמיטעט ניט נאר א געזעלשאפטלעכן כויוו צו דער שטאט ביאליסטאק, וואס האט זיך אזוי העראיש פארטיידיקט קעגן דעם סוינע פון אידישן פאלק, ווען מען זיך עס האבן אין די שווערסטע באדינגונגען אנגעהאלטן די מאראל פון מוט און קאמף און ארויסגעוויזן אזא טיפע מענטשלעכע סאלידאריטעט, צו די מיטליידנדיקע און באגעגנט העלדיש דעם אומגליכן קאמף אין געטא, ווען דער געטא איז געווארן ארומגערינגלט.

ביאליסטאק איז ניט קיין נאמען פון א שטאט אין געוויינלעכן זין פון ווארט, ביאליסטאק איז געווען א גרויסער קולטור־צענטער, וואס האט ניט נאר געגעבן דער אידישער וועלט אינטעליגענץ נאר אויך די ארבעטער מאסע האט פארמאגט די שענסטע טראדיציעס פון קאמף פאר פרייהייט און גערעכטיקייט. דעריבער האט די מארטירשטאט ביאליסטאק, די פארפייניקטע און צעטראטענע פון די דייטשישע מערדער, באוויזן אין אזעלכע פאר אונדז אומפארשטענדלעכע באדינגונגען צו שטעלן א ווידערשטאנד, צו אנהויבן דעם געטא־אויפשטאנד, צו פארטיידיקן די ערע פון אידישן פאלק, ניט געקוקט אף דעם וואס דער קאמף איז פון פארויס געווען פארמישפעט אף א זיכערן טויט.

דער מעכאבער פון בוך „כורבן ביאליסטאק" — סראלקע קאט, וואס האט די לײדן פון געטא און שפעטער דעם קאמף אין וואלד דורכגעטראגן אף זיינע פלייצעס, וואס איז אליין דער לײדנדיקער, דער איידעס און דער באשולדיקער קעגן די וואס האבן פארורזאכט דעם גרויזאמען פארברעכן, איז ניט אויסן געווען מיט זיין בוך צו אנשרייבן א ליטערארישע ווערק, נאר ארויסברענגען דעם נאקעטן עמעס ווי ער איז געווען און דאס וואס עס איז אים ניט געווען מעגלעך צו ארויסברענגען פילט דער לייענער, אין

די פּאָשעטע, איינפאַכע ווערטער פון דעם פּאַרטיזאַנען־קאַט, דער סאָלדאַט פון אידישן פאָלק.

מיטן אַרויסגעבן דעמדאָזיקן בוך, האָבן מיר צוגעטראָגן נאָך אַ דאָ־קומענט צו דער געשיכטע פון אונדזער מאַרטיראָלאָגיע, צו דער געשיכטע פון דער העראָישער ביאַליסטאָק, וועמענס מוט און ביישפּיל וועט דינען ווי אַ ליכטיקער זייל פאַר די קומענדיקע דורות.

ב. איירעס, אַפּריל 1947.

## די אַרויסגעבער

# דער אויסברוך פון קריג

א וואָך פאַרן אויסברוך פון קריג האָט ביאַליסטאָק גאָרניט געפילט די אָנגעשטרענגטע לאַגע. די באַדינגונגען פון לעבן זיינען געווען נאָרמאַלע. יעדער איינער האָט געאַרבעט, אַ טייל מענער פון אַלע יאָרגענג זיינען אַוועק אין דער רויטער אַרמיי. די וואָס זיינען געבליבן אין שטאָט האָבן גוט פאַרבראַכט. די שטאָט האָט זיך פאַנאַנדערגעבליט אפן סאָוועטישן שטייגער: גרויסע מאַגאַזינען, פאַרוויילונגס ערטער א. א. וו. מען האָט זיך פאַרווײַלט און גאָרניט געגלויבט, אַז אין אַ וואָך אַרום וועט ביאַליסטאָק שוין זיין אונטער דער אָקופּאַציע פון דייטש. עס דערמאָנט זיך דער לעצטער שאַבעס. איך בין אַריין מיט כאַווירים אין אַ רעסטאָראַן טרינקען וויין און, אַזוי ווי שטענדיק, נאָכדעם אַוועק שפּאַצירן אין וואַלד. מיר האָבן פאַרבראַכט ביז איינס אַזייגער נאָך האַלבע נאַכט. קומענדיק אין שטוב נאָך שפּעטער האָט די מאַמע מיר געעפנט די טיר און געזאָגט: „מאָרגן דאַרפסטו אויפשטיין צו דער אַרבעט”. איך טו זיך אויס און לייג זיך שלאָפן. איך באַוויין נאָך ניט איינצודרימלען, ווי עס וועקט מיך אויף אַ שטאַרקער זעץ פון אַ באַמבע, וואָס איז געפאַלן נאָענט. כ׳טו זיך אָן, לויף אַרויס אפן גאַס און זע ווינציק מענטשן. איינער פרעגט באַם אַנדערן: „וואָס איז?” ענטפערט מען „מיסטאָמע מאַנעווורעס”. מ׳קען גיין שלאָפן. קיינעם איז ניט איינגעפאַלן, אַז ס׳איז שוין קריג.

שטייענדיק אַ ביסל, זעען מיר ווי עס לויפט שוין אַ מענטש באַנדאַזשירט און שרייט: ס׳איז געפאַלן אַ באָמבע, ס׳זיינען דאָ געהאַרגעטע, ס׳איז קריג! איינער גלויבט דעם צווייטן ניט. איך לויף אַוועק זען. איך קום צו צו דער צווייטער גאַס, אף נייוועלט. דאָס געסל פּיאָטראָקאָווסקי

# סראָלקע קאָט

ליגט שוין אַ העלפט איינגעלייגט אין גרוז. איך לויף אַריין אין אַן איינגעפאַלענעם מויער און טרעט שוין אַף אַ נאַקעטער פרוי, וועלכער איך האָב קוים דערקענט, צי ס'איז אַ מענטש, ווייל די פרוי איז געלעגן אויסגעמישט מיט ציגל און באַדעקט מיט שטויב. מענטשן לויפן מיט רידלען אויפגראָבן די פאַרשאָטענע מענטשן פון עטלעכע מויערן. מען זעט פאַרוווּנדעטע, אַף דער גאַנצער גאַס זיינען אויסגעהאַקט די שויבן פון די מויערן. דאַכלאָזע מענטשן טראָגן זיך פאַרצווייפלטע מיט פעק אין אַ גאָרטן אַף נייוועלט. מען זיצט אין גאָרטן מיט די פעק, פאַרשלאָפן און צערודערט, נערוועז. דייטשישע אַעראָפּלאַנען דרייען זיך שוין אַרום, מען לויפט אין די קוסטעס יעדע פאָר מינוט זיך באַהאַלטן.

פאַרטאָג איז אויך געפאַלן אַ באָמבע אין גאַרניזאָן לעבן וואַלד און געהאַרגעט אַ סאַך רויט־אַרמייער וועלכע זיינען געשלאָפן, זיך אַף גאָרניט ריכטנדיק. אין די ציווילע הייזער פון יענעם קאַנט זיינען פיל קאָרבאָנעס געווען. מען טראָגט שוין צעטלען זיך צושטעלן אין וואָיענקאַמאַט*) פאַר די מיליטערישע פליכטנדע. מען קומט זיך צושטעלן און מען טרעפט שוין קיינעם ניט, אַלץ געשלאָסן. פאַרטיי מענטשן מיט ביקסן האַלטן אָרדענונג אין גאַס. מען פילט שוין דעם קריג. עס ווערט אַרויסגעהאָנגען מאָלאָטאָווס רעדע אין וועלכער ער מעלדעט, אַז דער דייטש איז באַרבאַריש אָנגעפאַלן און מיר מוזן זיך פאַרטיידיקן. ס'איז שוין פאַר אַלעמען קלאָר, אַז ס'איז געווען אַן אומגעריכטער אָנפאַל פון היטלער־דייטשלאַנד. די יוגנט און עלטערע באַשליסן אַוועקצוגיין מיט דער רויטער אַרמיי. אויטאָס פון אָרגאַניזאַציעס און פאַבריקן נעמען מיט אַרבעטער וואָס ווילן מיטפאָרן טיפער אין ראַטנפאַרבאַנד. די שטימונג איז אַ געדריקטע. איינער פרעגט באַם צווייטן: וואָס וועט זיין? די רויטע אַרמיי גייט אַוועק! די אידן פון ביאַליסטאָק האָבן פאַר דער וואָך וואָס דער דייטש איז געווען אין 1939 שוין געפילט וואָס עס הייסט היטלער־דייטשלאַנד. שוין דענסטמאָל זיינען דערמאָרדעט געוואָרן אַף אַ בעסטיאַלישן אויפן אידן אין מאַגיסטראַט אַפן הויף און האַלב לעבעדיקע באַגראָבן געוואָרן. פאַר דער וואָך האָבן זיי

---

*) וואָיענקאָמאַט — מיליטערישע קאָמאַנדע.

## כורבן ביאַליסטאָק

אויך ראַבירט אין די אָוונטן, ווען ס'איז געווען פּאָליציי שטונדע, די אי־דישע געשעפטן. אַלע גייען דערפאַר ארום מיט פרעגנדיקע בליקן און אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.

## מיר אַנטלויפן פון די נאַציס

איך לויף צום באַן־הויף. די באַנען זיינען איבערגעפּולט מיט פרויען און קינדער. אַלע פאָרן, אַנטלויפן, מען וויל ניט זען דעם דייטש. איך קום אין שטוב און לייג פאַר די עלטערן צו פאָרן — די ברידער זיינען ניט געווען אין דער היים. זיצנדיק און באַטראַכטנדיק די לאַגע שטעלן מיר זיך טרערן אין די אויגן, ווייל קומענדיק פון דער פּויליש־דייטשער קריג האָב איך שוין געוווּסט וואָס דאָס הייסט איצט קריג. אין דעם לויפט אריין דער אינגערער ברודער, ניאָמע, זעט ווי איך זיץ פאַרטרויערט און זאָגט: דו ביסט שוין געווען אין א קריג און זיצסט אזוי איבערגענומען? קום מירן אַנטלויפן טיפער אין ראַטנפאַרבאַנד. ענטפער איך אים: יאָ, נעם מיין ראָווער און פאָר אַוועק, איך וועל זיך גיכער אז אייצע געבן צו פוס, דו ביסט שוואַכער. ניאָמע נעמט מיין ראָווער און זעגנט זיך מיט אַלעמען. מער האָבן מיר אים שוין ניט געזען.

דער צווייטער ברודער בייבע (לייבל) איז אוועקגעפאָרן מיט אן אויטאָ פון א פאַבריק. איך זעגן זיך אויך אין שטוב און פאַרזיכער: פון יענער קריג בין איך צוריקגעקומען וועלן מיר נאָך פון דער אויך זיך זען. איך קריג א ראָווער און צוזאמען מיט נאָך טויזנטער יוגנטלעכע און עלטערע, ווער עס האָט נאָר קויעך געהאַט איז אַוועק טיפער אין ראַטנפאַרבאַנד צו העלפן בייקומען דעם היטלער־דייטשלאַנד.

מיר לאָזן זיך מיטן שאָסיי פון וואָלקאָוויסק צו מינסק, אַלץ טיפער קיין רוסלאַנד. וואָס ווייטער מיר גייען ציען זיך אַלץ מער טויזנטער מענער מיט פרויען און קינדער. א טייל איז שוין געגאַנגען אָף צוריק זאָגנדיק, אז ס'איז אומעגלעך צו גיין, ווייל מען באָמבאַרדירט דעם שאָסיי און ס'איז דאָ פיל געהאַרגעטע פון באָמבעס. אונדז שרעקט דאָס ניט אָפּ. מיר גייען ווייטער און פילן שוין ווי אעראָפּלאַנען דייטשישע לאָזן זיך אראָפּ ביז צו די קעפּ פון די מענטשן, שיסן אין דער ציווילער באַפעלקערונג פון קוילנ־

# פּראָלקע קאָט

וואַרפֿער און אַף די ערטעד ווו מענטשן באַהאַלטן זיך אוים, אין די ראַוועס און אין קאַרן, ליגן טויטע און פאַרוווּנדעטע.

נאָך אזא שיסעריי לויפט צו צו מיר א כאַוועך און שרייט אוים: „מיין פרוי און קינד זיינען געבליבן אין קאַרן, טויט". אין א ראַוו ליגט א טויטע פרוי. אַף איר קריכט א קינד פון א יאָר אָנדערהאַלבן און שרייט מיט א געוויין: מאַמע! פון קאַרן שרייט אַרוים א וויינענדע שטימע „טאָוואַרישטשי ספּאַסאיטיע!" (ראַטעוועט כאַווירים). עס רייסט באַם האַרצן. מיר גייען צו, עס ליגט אַ שיינע יונגע מיידל מיט אַ דורכגעשאָסענעם פוס. זי בעט זיך מען זאָל איר נעמען אין א שפּיטאַל. לייכט ראַנירטע מענער הינקען און שלעפּן זיך פאָרויס. פּויערישע פורלעד פירן האַלב פאַרכאַלעשטע פאַרוווּנדעטע מענטשן. אזוי האָט אונדז באַגלייט אַף אלע שאָסייען דער דייטשישער לופט־פלאָט איבערלאָזנדיק נאָך יעדער באָמבאַרדירונג אזוינע בילדער.

מיר באַשליסן צו גיין מיט זייטיקע וועגן, ווייל מיטן שאָסיי איז אוממעגלעך צו גיין. אָבער אויך דאָרט לאָזן ניט לעבן די עראָפּלאַנען. מען באָמבאַרדירט אזוי שטאַרק, אז ליגנדיק בעיים א באָמבאַרדירונג אין א וועלדל האָט די גאַנצע ערד אונטער אונדז זיך געוויגט. מיר הויבן אָן ווייטער גיין מיטן שאָסיי. אומעטום וואַלגערן זיך טויטע. א באָכער פון 30 יאָר ליגט מיט א דורכגעשאָסענעם פוס, עס רינט פון אים בלוט. ער בעט מיך מ'זאָל אים ראַטעווען, אָבער ניטאָ ווער, אלע לויפן צעטראָגן. אַפן שאָסיי ליגן איבערגעקערטע טאַנקעס און אויטאָס און אלץ בלייבט שטיין אַף קילאָמעטערס ביז מען מאַכט פריי דעם וועג. די רויט־אַרמייער ווילן וואָס שנעלער קומען קיין מינסק, קעדיי דאָרט צו שטעלן א ווידערשטאַנד. דאָס איז די פּסיכיק פון די רויט־אַרמייער. עס וואַלגערן זיך אַפן שאָסיי א סאַך מאַנטלען, די בעסטע פוטערוואַרג, נייע שטיוול. קיינער לייגט אַף דעם ניט קיין אכט. אלע האָבן איין ציל, זיך דערשלאָגן וואָס גיכער אין ראַטנפאַרבאַנד און העלפן זיך קעגנשטעלן.

מיר גייען דורך וואָלקאָוויסק. די שטאָט ברענט. אין שטאָט קעמפן נאָך די רויט־אַרמייער. עס הערן זיך די שיסערייען און אויפרייסן, מער הערט מען גאָרניט. עס פאַלט צו די נאַכט. מיר בעטן די רויט־אַרמייער אונדז אַרויפצונעמען אַף זייערע אויטאָס, מיר פאָרן צוזאָמען. פּלוצלונג, א

## כורבן ביאַליסטאָק

נאָענטע שיסעריי אַף אונדז פון די שטיבער ארום שאָסיי. די אויטאָס שטעלן זיך אָפּ, אַלע גייען אַראָפּ פון די אויטאָס און די רויט־אַרמייער צע־לייגן זיך אַף צו קעמפן. מען גיט אונדז אויך ביקסן. מיר זעען ווי עס לויפן ראַקעטן ארום אונדז, מען רינגלט אונדז ארום. מיר עפענען א שיסעריי און עס געלינגט אונדז זיך אַדורכצורייסן און פאָרן ווייטער, אָבער דער וועג איז פאַרשטעלט פון פאַרבערנטע אויטאָס, טאַנקען און אַלע מאַשינען גע־ווער. אַלע לאָזן זיך צופוס, ציווילע און מיליטערלייט. מען לייגט שוין ניט קיין אַכט אַף טויטע און פאַרוווּנדעטע. מיר טרעפן באַקאַנטע כאַוויירים, מען גריסט זיך, א פרעג א וואָרט און גלאָפּן ווייטער. מיר גייען ווידער אַראָפּ אַף זייטיקע וועגן. עסן נעמען מיר פון די צעוואָרפענע פעק וואָס וואַלגערן זיך אַפן שאָסיי. איך נעם ביסקוויט און קאָנסערוון. דערוויייל טרעף איך זיך מיט צוויי רוסן פון גאָמעל וואָס האָבן לעצטנס געאַרבעט אין ביאַליסטאָק. מיר באַפריינדן זיך און גייען צוזאַמען, אָבער די באָמ־באַרדירונגען לאָזן ניט צו רו. מיד פון אַלעמען, זעצן מיר זיך אוועק עסן. די רוסן נעמען ארויס שנאַפּס. איין רוס זעצט זיך ניט אוועק נאָר זוכט עפּעס. פרעג איך אים: „וואָס זוכסטו און זעצסט זיך ניט עסן?" ענטפערט ער מיר, אַז אין 1918 איז ער געווען אַף דעם זעלבן אָרט און אויך גע־טרונקען שנאַפּס, האָט ער דאָן איבערגעלאָזט א גלאָז, זוכט ער איר איצט, ווייל פון פלעשל זאַלבעפּערט איז שווער צו טרינקען. ער געדענקט אָבער ניט געניי דעם קוסט, אַזוי לאַנג שוין, האָט ער פאַרגעסן דעם סימען... מיר לאָזן און זעצן זיך טרינקען פון פלעשל און עסן קאָנסערוון.

## מיטן וועג צו סלאָנים

נאָכן עסן גייען מיר ווייטער. עס פאַלט צו די נאַכט. מיר לאָזן זיך מיטן שאָסיי, באַנאַכט איז רויקער. דער שאָסיי איז קעסיידער פאַרפּאַקט פאַרשטאָפּט מיט מיליטער פון אַלע פאָרמאַציעס. מען נעמט אונדז ארויף. מיר פאָרן. די וועלדער ארום ברענען נאָך פון די באַטאַגיקע באָמבאַרדי־רונגען און פון די קאַמפן וואָס מיר פירן מיט דעסאַנטן וואָס די דייטשן לאָזן אַראָפּ. מיר פאָרן א גאַנצע נאַכט צו סלאָנים דורך פאַרשידענע וועגן. אַזוי ווי עס הויבט אָן גרויען לעבן א דאָרף עפּנט מען אַף אונדז ווייטער

# ביאַליסטאָק פון אַמאָל



באזארנע גאס, דער שטאָט־זייגער, מיט די קרעמלעך, דער
פוילישער קאַסטאַל און דער וועג צו דער דייטשישער גאס




די צענטראלע וואסילקאָווער גאס (מיצקעוויטש)

# די כאָרעווע ביאַליסטאָק



דער אַלטער „העגדעש" אַף סיסוראַזער גאַס; אין דער
מוישאוו זקיינים, די פאָלקס־קיך און לייען־זאל



דאָס איז אמאָל געווען טאנק פישער הויף, ווו מען האָט
געקענט דורכגיין פון פישמאַרק אויף זוראַזער גאַס

# פּראָלקע קאָט

א שיסעריי, די קוילן לויפן צו די אויטאָס מיט וועלכע מיר פאָרן. מיר פאַרדרייען זיך אין נאָענטן וואַלד. דאָ איז געווען א דייטשישער דעסאַנט וועלכער האָט אונדז פאַרמאַכט דעם וועג. ווען מיר האָבן זיך קאָנצענטרירט אין וואַלד האָט ער געגעבן א צייכן און עס האָט זיך גענומען שיטן אַפן וואַלד א האָגל מיט באָמבעס פון אעראָפּלאַנען. דער וואַלד ברענט שוין. מיר צעלייגן זיך צו קעמפן. מיד פון וועג און פון קאַמף, זאָג איך צו מיין כאַווער: „איך לייג זיך שלאָפן, זאָל מיר כאָטש די קויל אָדער באָמבע טרעפן שלאָפנדיקערהייט”. און ווייז אים אָן דעם אָרט וווּ איך לייג זיך שלאָפן. אויפשטייענדיק פאַרטאָג טרעף איך אין וואַלד פאַרברענטע אויטאָס, עס ליגן מענטשן ציווילע און א סאך זעלנער. איך קוק זיך ארום — ניטאָ קיינער פון די באַקאַנטע, געבליבן איינער אליין. איך לויף זוכן זע איך ליגנדיק קופּעס מענטשן. קיינעם קען איך ניט. עס ליגט א קאַפּיטאַן פון דער רויטער ארמיי און עטלעכע זעלנער, בעט איך אים ער זאָל מיר מיטנעמען אַפן פראָנט, ענטפערט ער: „ברענג א קאָמפּאַס וועלן מיר גיין צוזאַמען”. איך לויף זוכן א קאָמפּאַס אָבער קיינער האָט ניט. איך זוך אין וואַלד — קיינע באַקאַנטע. אינמיטן הער איך א שטים פון א פרוי: „וואַסער!” איך גיב א קוק און זע ליגנדיק א פרוי פון ביאַליסטאָק, האַלב פאַרכאַלעשט, וואָס לויפט אויך מיט דער רויטער ארמיי. איך נעם איר אונטערן אָרעם און פיר איר קוים צו צו א ביסל וואַסער פון א קאַלוזשע. זי טרינקט זיך אָן און דאַנקט מיר, איך האָב איר דאָס לעבן געראַטעוועט. זי בעט איך זאָל גיין מיט איר צוזאַמען, זי גייט אויס פון די קויכעס.

איך זע, אז אלץ איז פאַרשפּילט, מען מוז זיך לאָזן ווייטער אין וועג. דער וואַלד איז ארומגערינגלט פון דייטשן, מען קען ניט ארויס. פון דער ווייטן זע איך שינעס פון א באַן. איך שטעל איין און פּאַמעלעך אַפן בויך רוק איך זיך צו די שינעס, עפּשער קען מען ארויסגיין פון דער ארומרינגלונג. צוקומענדיק, דערזע איך א באָמבאַרדירט איבערגעקערטע באַן. באַם זייט עטלעכע טויטע מענער און פרויען, און אַף איין וואַגאָן ליגן עטלעכע ראָווערן. איך נעם איין ראָווער און לאָז זיך צו א דערפל, זיך דערוויסן וווּ איך געפין זיך דאָ. איך קום אריין אין דערפל גייט ארויס אנטקעגן א פּויערטע. דאָס ערשטע בעט איך עסן. זי גיט מיר א קרוג זויער מילך וועלכן איך טרינק אויס מיט איין צי, און פרעג איר וווּ איך געפין

## חורבן ביאַליסטאָק

זיך. זי ענטפערט אַז ארום זיינען שוין דאָ דייטשן און אַז ס'איז 5 קילאָ־מעטער פון סלאָנים. עס ווערט מיר טרויעריק אפן הארצן. פון אַ בערגל זע איך ווי עס גייען פון דער ווייטן מענטשן אין שווארצע זאכן און פארשטיי אַז דאָס זיינען דייטשן. איך באשליס גיין דורך וועלדער און פעלדער קעדיי זיי אויסמיידן און זיך דורכשלאָגן טיפער אין ראַטנפאַרבאַנד. ארומ־גייענדיק פון דערפל און אָפּגייענדיק אַ הונדערט מעטער, הער איך פון אַ קוסט: „סטאָי”! איך קוק זיך אום און זע ווי אַ מאַיאָר פון דער רויטער ארמיי און צוויי סאָלדאטן ליגן באהאַלטן. זיי פרעגן מיר וואָס איך האָב געטאָן אין דאָרף און איך דערציילן זיי. זיי קאָנטראָלירן מיר די דאָקומענטן און שטעלן זיך אָפּ אויף דעם וואָס עס שטייט אין דאָקומענט „יעווריי” (אַ איד) זיינען זיי זיכער, אַז ס'איז ניט קיין שפּיאָן און באפרייען מיר. איך פרעג זיי דעם וועג צום ראַטנפאַרבאַנד, וואָס זיי ווייזן מיר אָן. איך זע אָבער, אַז ס'איז אומעגלעך צו גיין ווייטער. אין די קוסטעס קענען ליגן דייטשן און נאַכשיסן. שטייענדיק פארצווייפלט איינער אליין, אָן קיינעם, קלער איך וואָס מען טוט. דעם ראַוועער לייג איך שוין אוועק און גיי פאַ־מעלעך. אין דעם גייען אָן צוויי אידן פון סלאָנים. זיי לייגן מיר פאָר צו גיין מיט זיי קיין סלאָנים. איך דערקלער זיי, אַז אין סלאָנים זיינען שוין פאראַן די דייטשן און זיי וועלן אונדז דאָך שיסן אלס אידן, לאָמיר בעסער גיין דורך וועלדער און פעלדער צום ראַטנפאַרבאַנד. זיי רעדן לאַנג און ווילן מיר איבערצייגן, אַז די דייטשן טשעפּען ניט, מען קען אריינגיין אין שטאָט. ניט האָבנדיק קיין ברירע, אָן עסן און אנדערע זאכן, האָב איך קיין אנדער אויסוועג און מוז גיין מיט זיי קיין סלאָנים, וואָס איז שוין באַזעצט פון דייטשן.

## מיין ערשטע טרעפונג מיט די דייטשן

גייענדיק מיט זיי פרוּוו איך נאָך ריידן וועגן זיך דורכרייסן צום ראַטנפאַרבאַנד, אָבער עס לאָזט זיך ניט. אָפּגייענדיק אַ פּאָר קילאָמעטער, זעט מען שוין סלאָנים און ווי די דייטשן גייען ארום. עס ווערט אומעטיק און דערדריקט. אַ הייסער טאָג, די זון ברענט און עס דאַרשט זיך. די פעל־דער זיינען גרין, אָבער אָנשטאָט טווּע ליגן צעזייט פאַרברענטע אויטאָס

# טראָלקע קאַט

און טאַנקען. איך וואַרף אַוועק דעם מאַנטל וואָס איך טראָג מיט זיך און גיי צום שטאָט. פונדערווייטן הערן מיר: „האַלט!” „הענטע הויך”. איך זע ווי מען נעמט ארויס בלאַנקע רעוואָלווערן און מען שטעלט אָן אַף אונדז. „שטיין בלייבן!” מיר בלייבן שטיין. קוקן זיך איבער אָן ווערטער. איך שפּיר א טויט שטימונג. מען באַזוכט אונדז און מיט די הענט אין דער הויך פירט מען אונדז אַרויף אַף אַ הויף. דאָ פרעגט מען אונדז גלייך: „יודען? ווערן גלייך געשאָסן!” און לאַכן סאַדיסטיש. מיר ענטפערן גאָרניט. ”יודען?!” גיט מען אַף אונדז נאָכאַמאָל א געשריי. זיי זאָגן — יודן. איך זע מיט וואָס עס שמעקט, ענטפער איך: פּאָליאַק און מאַך זיך, אז איך קען נישט קיין דייטש. צו זיי נעמט מען זיך באַלד. מען שטעלט זיי מיטן פּאָנים צום וואַנט און מ׳זאָגט זיי, אז באַלד ווערן זיי דערשאָסן. זיי בעטן זיך, וויינען, מען זאָל זיי לאָזן לעבן. זיי ציטערן אינגאַנצן פון שרעק. די דייטשן ריידן צווישן זיך אַף וואָס פאר אן אויפן צו דערמאָרדן די אידן. איך מאַך זיך ווייטער, אז איך קען ניט קיין דייטש. זיי רופן צו א דאָלמעטשער. איך רייד פּויליש און דער דאָלמעטשער איבערזעצט אַף דייטש. זיי ריידן לאַנג. די ערשטע זאַך צעשלאָגן זיי מיר ביז בלוט און זאָגן, אז מיך וועלן זיי אויך דערשיסן. איך בין אינגאַנצן גלייכגילטיק. איך האָב זיך דאַך אַף דעם געריכט, און האָב כאַראָטע וואָס איך האָב זיך געלאָזט דורך זיי אָנרעדן. איך קלער, אז די עלטערן וועלן אפילע ניט וויסן וווּ מיין געביין איז אהינגעקומען. אזא שיינער וועטער, אזא וועלט, נאָך גאָרניט גענאָסן פון איר און באַלד וועט אַלץ זיין געענדיקט...

אָפּזייענדיק אַזוי אַ צייט אין טויט שרעק און קלערענישן, הויבט אָן דער דייטש נאָכאַמאָל זיך טשעפּען מיט פאַרשידענע סאַדיסטישע געלעכטערן און קלעפּ, נאָך וועלכע ער הייסט מיר גיין גלייך און ווייזט מיר אָן א ריכטונג. פּאַמעלעך, אַזוי ווי איך ווער ניט איבעראַשט פון דעם, הויב איך אָן צו גיין און קוק זיך אום אַף הינטן צי ער שיסט ניט, ווייל מערסטנטייל פלעגן זיי הייסן גיין און נאָכדעם פון הינטן שיסן. אָפּגייענדיק א צוויי הונדערט מעטער אין דער ריכטונג צו סלאָנים מיט א לאַנגער גאַס, הער איך א שאָס, ניט ווייט פון מיר פאַלט א רויט־אַרמייער, וועלכער באַווייזט נאָך אויסצושרייען „וואָדאָ!” איך גיי ווייטער צום שטאָט, נעם ארויס דעם סאָוועטישן פּאַספּאָרט און מיליטערישן ביכל און צעריים, קעדיי איך זאָל

# כורבן ביאַליסטאָק

קענען אַנגיין פאַר א פּאַליאַק אַן דאָקומענטן. איך האָב ניט געוווּסט, אַז פון הינטן קוקט מיר נאָך דער דייטש וואָס האָט מיר געהייסן גיין. זעענדיק, אַז איך האָב עפּעס צעריסן, שרייט ער פון דער ווייטן האַלט! שטיין בלייבן! איך בלייב שטיין. ער לויפט צו מיר מיטן בלאַנקן רעוואָלווער און פרעגט מיר וואָס איך האָב צעריסן. איך מאַך זיך ווייטער אַז איך פאַרשטיי ניט. ער שלאָגט מיר איבעראַניים און פירט מיר אריין אין א הויף וווּ עס זיצן אַ סאַך ציווילע, פירט מיר צו צו אַן אָפיציר און דערציילט אים אַלץ וואָס איז געשען. דער אָפיציר פרעגט מיר וואָס איך האָב צעריסן. איך מאַך זיך ווייטער נישט פאַרשטיין. ער הייסט זיך מיר זעצן באַזונדער און דעם סאָלדאַט אוועקגיין. עס ווערט מיר שוין לייכטער, עפּשער וועט ער פאַרגעסן דורך דער צייט וואָס מיר צו פרעגן. זיצנדיק אַפן הויז זע איך ווי מען ברענגט אַ רויט־אַרמייער. דער אָפיציר הייסט אים דערשיסן. אַ דייטש פירט אים אַוועק, מ׳הערט אַ שאָס און נאָך אַ שאָס... צוריקקומענדיק דערציילט דער דייטש מיט אַ געלעכטער ווי ער האָט אים דערשאָסן. דער אָפיציר קלאַפּט דעם דייטש צופרידן אין דער פּלייצע. אַפן הויף פּייניקט מען אַנדערע ציווילע, מען פירט זיי אַוועק און מען שיסט זיי, אַן אויספרעגן. איך זע, אַז איך בין מיעס אריינגעפאַלן.

צו נאַכט צו גייט ארויס א פרוי וואָס קען א סאַך שפּראַכן און פרעגט אויס די לעבנגעבליבענע. זי קוקט יעדן איינעם אָן די הענט צי ער איז אַן ארבעטער. א טייל באַפרייט זי, אנדערע הייסט זי אָפּפירן, דאָס איז שוין צום טויט. זי קומט צו מיר צו און פרעגט מיר אויס. איך ענטפער אין פּויליש, אַז איך גיי פון דער ארבעט, געווען פאַרשיקט אין רוסלאַנד און גיי אַהיים צוריק פון מינסק קיין ביאַליסטאָק. זי קוקט מיר אָן די הענט, וועלכע זיינען שמוציק, די גאַנצע צייט ניט געוואַשן, און באַשטימט, אַז איך זאָג עמעס און לאָזט מיר אָפּ באַנאַכט אין סלאָנים.

ס׳איז פינצטער, איך ווייס ניט וווּ זיך צו קערן. אינמיטן זע איך א אידישן אויפשריפט אָן א טיר. איך גיי אריין אין א קאָרידאָר, קלאַפּ אָן אין א טיר און בעט מיר אריינלאָזן. פרעגט מען מיר פון יענער זייט טיר: — א דאָקומענט האָט איר? ענטפער איך — ניין. האָבן זיי מורא אריינצולאָזן. איך לייג זיך שלאָפן אין קאָרידאָר, אונטערן טיר, אונטערגעשפּאַרט די האַנט צוקאָפּנס. פאַרטאָג וועקט מיר א איד, פרעגט מיר אויס. זיי זיינען

## פּראָלקע קאָט

אַלע צעשראָקן, אָז אַ פּאַספּאָרט האָבן זיי מוירע אַריינצולאָזן, מען גיט מיר אָפּצועסן. אַ גאַנצן טאָג באַהאַלטן זיך די שכיינים אויפן בוידעם. דורך די שפּאַרעס זעען מיר ווי מען שלאָגט אויפן גאַס אידן, וועלכע מען כאַפּט נאָר, ביז כאַלאַשעס. געשרייען פון דייטשן און בעטנדיקע שטימען פון שוצלאָזע אידן. דאָס איז די לאַגע פון סלאָנים אין די ערשטע טעג פון דייטש. די שטאָט איז 60 פּראָצענט פאַרברענט. איך שלאָף אַ פּאָר טעג אין הויז, מען טראָגט מיר אַרויס אַ בעטל. אידן ביז 30 יאָר, פאַראָרדנט מען שלאָפן אין שול. פון דאָרטן נעמט מען אַרויס אַ טייל וועלכע קומען צעשלאָגן און אַנדערע קומען אינגאַנצן ניט מער. דער הונגער איז גרויס, אַלע קראַצן זיך פון שמוץ. איך דערוויס זיך, אַז מ'גיט רייזע־שיינען צו גיין אַהיים און איך באַשליס זיך אומקערן קיין ביאַליסטאָק. אַלצאיינס איז אומעטום דער דייטש.

## איך קער זיך אום קיין ביאַליסטאָק

איך קום אין מאַגיסטראַט, אויפן הויף איז פול מיט מענטשן. בא טישלעך טיילט מען צעטלען און מ'פאַרשרייבט אַהיים צו גיין. די דייטשן גיסן אויס נאָכן עסן פון די מאַנאַשקעס דאָס איבערגעבליבענע אויף דער ערד. ווי ווילדע כאַיעס וואַרפן מיר זיך אויף דער ערד און עסן אויף מיט די זאַמד אויסגעמישט. איך שטיי אויף צוויי טעג און באַקום אַ צעטל. מענטשן כאַלעשן פון הונגער. אַ ביאַליסטאָקער באָכער איז געוואָרן בלינד פון 7 טעג נישט עסן. קריגנדיק אַ ביסל עסן קומט ער צו זיך. אין סלאָנים ברענגט מען פון אַרום טויטע מענטשלעכע קערפּערס מיט שוין פוילנדע גלידער. מ'באַשיט זיי מיט פּלאָרעק און מ'באַערדיקט זיי אין גרויסע ברידערלעכע קוואָרים. איך גיי קוקן, עפּשער אַמאָל איז צווישן זיי מיינער אַ ברודער פון וועג. מען דערקענט אָבער נישט קיין פּאָנים. מען פירט אויך מאַסנווייז געפאַנגענע רויט־אַרמייער פון די שלאַכט פעלדער און וועלדער. צווישן זיי זיינען דאָ פאַרוווּנדעטע און אַזוינע וואָס קאָנען נישט גיין פון שוואַכקייט. זיי האַלטן זיך איינער אין צווייטן. די שטימונג איז אַ געדריקטע, די דייטשן גיבן שוין אפילע רייזע־שיינען קיין מאָסקווע (זיי האָבן זיך, ווייזט אויס אַביסל צוגעאיילט...).

## כורבן ביאַליסטאָק

אַט באַ אַזוינע באַדינגונגען פאַרלאָז איך סלאָנים, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע ביאַליסטאָקער.

אין די הייסטע טעג פון יאָר, אַז עסן, איננאַנצן צעבראָכן און דער־דריקט, באַשליסן מיר גיין צופוס נאָך ביאַליסטאָק, איינער פון וואָלקאָוויסק און אַ כאַווער פון ביאַליסטאָק, פייוול יאַסקולקאַ. די היץ ברענט ווי פייער. הונגעריק און דאַרשטיק גייען מיר מיטן שאָסיי. עס ליגן נאָך ניט קיין אָפּגערוימטע טויטע, צעבראָכענע און פאַרברענטע אויטאָס, טאַנקען אָף יעדע צוויי מעטער. עס גייען אַ סאַך פאַרטיעס מיט מענטשן. יעדער איינער אין אַ צווייטן אָרט. דער גאַנצער שאָסיי איז איבערפולט מיט דייטשיש מיליטער פון פאַרשידענע פאָרמאַציעס. אַדורכגייענדיק און זעענדיק אונדז, שרייען זיי פון דער שורע אַרויס: „יודען !!!" יעדער דייטש רייסט זיך ווי אַ הונט אָפן קייט און ווייזט מיט די הענט צום האַלדז ווי אַזוי ער וויל דער־שטיקן און שיסן אידן. מיר גייען דערשלאָגן און קלערן, אַז יעדע מינוט דערוואַרט אונדז דער טויט פון אַט די כאַיעס. ניין, זיי זיינען נאָך ערגער ווי כאַיעס, ווייל אַ זאַטע כאַיע טשעפּעט קיינעם ניט. אָף די וועגן שטעלט מען קעסיידער אָפּ. אייניקע שיסט מען, אַנדערע צווינגט מען צו באַערדיקן די טויטע און נאָכער צעהאַרגעט מען און מען לאָזט אָפּ. דאָס איז נאָך אַ „גוטער דייטש".

אָפן גאַנצן וועג זיינען די דערפער פאַרברענט, אַנדערע איננאַנצן און אַנדערע טיילווייז, עס שטייען נאָך קוימענס און וווּ ניט וווּ גייט אַרויס אַ הון אָדער אַ בלאָנדזשענדע קאַץ, וועלכע האָט נאָך ניט פאַרגעסן דעם אָרט וווּ זי האָט אַמאָל געהאַט אַ שטוב. עסן נעמען מיר פון די קעלערן וווּ די פּויערים האַלטן קאַרטאָפל. מיר נעמען אַ ביסל רויע קאַרטאָפל — קיין סאַך ניט, ווייל ס'איז ניטאָ קיין קויעך זיי צו טראָגן — און גייען ווייטער. פון דער ווייטנס זעען מיר ווי דייטשן שטעלן אָפּ גרופּעס מענטשן, רעווידירן זיי, פירן אָפּ אין אַ זייט און שיסן זיי פאַר גאָרניט, בלויז דער־פאַר ווייל זיי זיינען אידן, אָדער, ווען זיי האָבן קורץ אָפּגעשאָרן די האָר, ווייל זיי זיינען רויט־אַרמייער. מיר באַהאַלטן זיך און ווען די דייטשן גייען אַריבער, גייען מיר אַרויס פון באַהעלטעניש און גייען ווייטער. מיר זעען ווי עס ליגן די פריש צעשאָסענע אידן און רויט־אַרמייער. מיט אַ מינוט

# ס ר אָ ל ק ע  ק אָ ט

פריער האָבן זיי נאָך געלעבט און פאַנטאַזירט, איצט וואַרטן די עלטערן אומזיסט אַף אַ בריוו פון זון...

מיר מאַכן דעם טאָג 35 קילאָמעטער. ס׳פאַלט צו די נאַכט, עס ווערט פאָליציי־שטונדע. מיר דערשלעפּן זיך צו עטלעכע הייזער וווּ עס וואוינען אידן. דאָס איז זעלווע. אַמאָל געווען אַ גרויס שטעטל, מיט אַ סאַך אידן, איצט בלאָנקען ארום איינצלנע פול מיט שרעק. מיר שלאָפן איבער און פאַרטאָג לאָזן מיר זיך ווייטער, צו וואָלקאָוויסק. אַפן שאָסיי פאָרן אויטאָס מיט געפאַנגענע. פון די אויטאָס פרעגט מען אונדז: „קודא נאַם ווזיאַט?״ מיר האָבן מוירע צו ענטפערן, ווייל די דייטשן קענען דערשיסן פארן בלויזן ריידן מיט אַ געפאַנגענעם. מען פירט אויך צופוס געפאַנגענע רויט־ארמייער. ארום פאָרן דייטשן אַף ראָווערן און דערשיסן יעדן געפאַנגענעם וואָס קען ניט גיין אָדער גייט שוואַך און שטייט אַ ביסל אָפּ. נאָך דעם ווי מ׳האָט זיי געגעבן אַ קורצן אָפּרו אינמיטן וועג און מען הייסט זיי זיך צוריקשטעלן שיסן די דייטשן אָן אַ פאַרוואָס אין די געפאַנגענע. אנדערע זעענדיק דאָס, באַהאַלטן זיך אויס אין די איבערגעקערטע אויטאָס און טאַנקען, שיסט מען אין זיי דאָרט אריין. ביז ביאַליסטאָק וועלן פון די צענדליקער טויזנטער געפאַנגענע קוים בלייבן געציילטע...

מיר גייען אריין אין אַ דאָרף און בעטן עסן. די פויערים זאָגן, אַז זיי האָבן ניט, אַזוי פיל מענטשן גייען דורך און אַלע דאָרף מען געבן. אָבער, ווּ ניט ווּ באַקומען מיר אַ שטיקל ברויט. זיי דערציילן אונדז, אַז די דייטשן האַרגענען אויס אַלע אידן אין די שטעטלעך און אין אַ סאַך שטעטלעך העלפן דאָס טאָן די פּאָליאַקן. מיר גייען ווייטער און קומען אָן פאַרנאַכט קיין וואָלקאָוויסק, וועלכע איז אינגאַנצן פאַרברענט. דער כאַווער פון וואָלקאָוויסק פירט אונדז אריין צו זיינע עלטערן וועלכע וואוינען אין דער אָפּגעברענטער באָד, ווייל קיין דירעס זיינען ניטאָ. זיין מוטער קאָכט אָפּ אַף ציגל אין אַ בלעכל אַ ביסל עסן און בעט אונדז אויס אַף דער ערד צום שלאָפן. צו מאָרגנס געזעגענען מיר זיך מיט זיי און פאַרלאָזן וואָלקאָוויסק.

אין האָראָדאָק זעט מען פון דער ווייטנס דעם פאַרברענטן טאַרטאַק. איך דערפרעג זיך אַף דער פאַמיליע כאַיאָט, אונדזערע באַקאַנטע. זיי דערציילן, אַז דאָ איז געווען אונדזער ברודער ניאָמע און צוגערעדט דער יוגנט

צו אנטלויפן מיט דער רויטער ארמיי. אויך איז געווען בא זיי בייבע, שוין צוריקגייענדיק, מיט א דורכגעשאָסענעם היטל. קיינער האָט זיך נית גע־קענט דורכרייסן אין ראַטנפארבאַנד צוליב דער שנעלער ארומרינגלונג. עס פעלן מיר בלויז 40 קילאָמעטער ביז ביאַליסטאָק. איך שלאָף איבער און לאָז זיך ווידעראַמאָל אין וועג.

## וואָס די דייטשן האָבן אויפגעטאָן ווי נאָר זיי זיינען אריין אין ביאַליסטאָק

צוקומענדיק פיר קילאָמעטער פאר ביאַליסטאָק, זעט מען שוין דעם שפּיץ פון קאָשטשאָל. עס ווערט פרייליכער, פונדעסטוועגן, נאָך אזא וועג ענדלעך זיין אין שטאָט. די פיס הויבן זיך מיט מער מוט און עס גייט זיך שוין גיכער. אריינקומענדיק פון וואַרשאַווסקע גאַס זעט מען שוין דעם מאַגיסטראַט פארברענט, איינצלנע ציווילע מענטשן, אידן אינגאַנצן נית. די גאַסן זיינען פול מיט דייטשיש מיליטער. דורך די הינטער־געסלעך כאַפּ איך זיך צו אין שטוב. ערשט צוויי וואָכן ווי דער דייטש איז דאָ אין שטאָט, און שוין אזא גרויסער חורבן. באַלד אַף מאָרגן ווי דער דייטש איז אריין, האָט ער ארומגערינגלט דעם גאַנצן שול־הויף און די גאַסן סוראַזער, לע־גיאָנאָווע, פּיאַסקעס ביזן וואַלד מיט מיליטער, וועלכע זיינען געגאַנגען פארקאַטשעט די אַרבל, מיט געווער אין די הענט, ארומגענומען מיט גראַ־נאַטן באַם פּאַס. זיי האָבן זיך אריינגעריסן אין די געסלעך זאַלעווע, גענשע, פּיוונע און אַנדערע קליינע געסלעך וועלכע ליגן ארום, געגאַנגען אין אַלע שטיבער ווו אידן וואוינען, ארויסגעטריבן די מענער און אַנגעפּילט מיט זיי די שיל און איר אונטערגעצונדן מיט די לעבעדיקע אידן. בא טויזנט זיינען אומגעקומען. וועלכע אידן זיי האָבן געטראָפן אין גאַס האָבן זיי דערשאָסן. אַנדערע אריינגעוואָרפן אין דער ברענענדיקער שיל, לעבעדי־קערהייט. איין דייטש האָט אַנגעכאַפּט פארן קאָפּ, א צווייטער פאר די פיס, א הוידע געטאָן און דער איד ליגט שוין אין די פלאַמען פייער פון שיל און ראַנגלט זיך אין יסורים. אין שיל האָבן אַנדערע, נית וועלנדיק פארברענט ווערן, זיך אויפגעהאָנגען אַף די פּאָסקעס פון די הויזן. א קריסט האָט זיך

# פראָלקע קאָט

אונטערגעגאַנגען איז 30 אידן פון שיל. טיר פון די זייטיקע איז אויפגעעפנט און אויפגעצוועט. אונטערגעגאַנגען האָבן זיך ארויסגעראַטעוועט און דערציילט וואָס אינעווייניק איז פאָרגע־קומען. דאָס האָט געטאָן דער סטראָזש פון דער שיל. אנדערע האָבן, אָבער, אפילע אָנגעוויזן די דייטשן ווו אידן וואוינען.

מיט דעם ענדיקט זיך נאָך ניט. די דייטשן גייען אין אלע געסלעך ארום שיל, וואַרפן צינד־גראַנאַטן אין די שטיבער, שיסן די פרויען און די קינדער נעמען זיי אַף די באַגנעטן אין די אויגן פון די מוטערס. פיל אידן זיינען דערשאָסן געוואָרן באַם אריבערקריכן פּלויטן זיך וועלנדיק ראַטעווען. דאָס האָט געדויערט א גאַנצן טאָג. אלע געסלעך ארום שיל און די שיל האָט געברענט, די שיסערייען און געשרייען האָבן זיך צוזאַמענ־געמישט.

געניוי וויפל אידן עס זיינען אומגעקומען ווייס מען נישט. פיל פורן מיט פאַרקוילטע אָדער האַלב פארברענטע מענטשן זיינען ארויסגעפירט געוואָרן. די אידן אין די איבעריקע גאַסן, זיינען געלעגן פארבאַהאַלטן און יענעם טאָג איז זיי גאָרנישט געשען. אָבער בײַ יעדן איינעם האָט שוין ווער געפעלט פון דער מישפּאָכע. פון די געראַטעוועטע זיינען א סאַך ארויס נאָר מיט דעם וואָס זיי האָבן געטראָגן אַף זיך.

א פּאָר טעג שפּעטער זיינען די דייטשן געגאַנגען אין די איבעריקע גאַסן פון שטוב צו שטוב, ארויסגעשלעפּט די מענער, אויסגעשטעלט זיי אין א ריי און געפרעגט: וואָס ביסטו, אן ארבעטער צי אן אינטעליגענטער ארבעטער (א גייסטיקער ארבעטער)? די מענער האָבן ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. זאָגן, א גייסטיקער ארבעטער? — טויג ניט — ביסטו א גע־לערנטער, א קאָמוניסט. אזעלכע שיסט מען. זאָגן א פּראָסטער ארבעטער? — ביזט אוודע א קאָמוניסט, קומט אויך שיסן. זיינען זיי געווען אין א פארלעגנהייט. יעדער איינער האָט געזאָגט דאָס וואָס ער איז ניט געווען, און געמיינט זיך צו ראַטעווען אַף אזא אויפן. אָבער, אַלץ איינס, וואָס מען האָט ניט געזאָגט, האָט מען זיי צוגענומען, געפירט איבערן גאַס, גע־הייסן זינגען אידישע לידער און טאַנצן מיט פארשידענע קונצן. ווו זיי זיינען אַהינגעקומען, ווייסט מען ניט. זיי זיינען פאַרייביקט געוואָרן אונ־טערן נאָמען פון דאָנערשטיק, ווייל דאָנערשטיק איז דאָס געשען. די פרוי וואָס האָט פארלוירן דעם מאַן אָדער זון יענעם טאָג, האָט געהייסן

## כורבן ביאַליסטאָק

„די דאַנערשטיקע״. ווען איינע האָט געזאָגט, אַז זי איז פון „די דאַנער־שטיקע״ האָט מען שוין געוווּסט וואָס דאָס מיינט.

אַלע טאָג האָט מען געכאַפּט אידן אַף אַרבעט. אַז מען פלעגט קומען פון דער אַרבעט ניט צעשלאָגן איז געווען דער גרעסטער גליק. באַצאָלן פאַר דער אַרבעט איז קיין רייד ניט געווען. אין אַנדערע ערטער האָט מען פאַר א גאַנצן טאָג אַרבעט געקראָגן א ביסל זופּ אָפּצועסן און מיטצו־נעמען אין שטוב. אויב עס איז געבליבן, אָדער אויב עס האָט זיך איינגע־געבן נעמען א צווייטן מאָל. דאָס פלעגט מען אוועקטראָגן פאַר דער פרוי און קינד. א סאַך אידן פון שול־הויף און אַרומיקע געסלעך, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט הוילע נאַקעט, האָבן אָנגעהויבן זוכן אַרבעט קעדיי עפּעס אָפּצועסן.

אָבער דאָס איז נאָך פאַר די דייטשן ווינציק. און דעם צווייטן שאַבעס ווערן אָפּגעצאַמט די גאַסן און מען נעמט צו אַלע מענער וואָס גייען אַרבעטן. אויסערדעם גייט מען פון שטוב צו שטוב און מען נעמט אַרויס ווו א מאַן, יונג, אַלט, — אָן אונטערשיד. מען טרייבט אַלעמען אויף אין „זוויעזשיניעץ״, אין וואַלד, ווו דער ספּאָרט פּלאַץ פאַר פוטבאָל איז. מען שלאָגט זיי, מען מוטשעט מיט אומענטשלעכע מיטלען. זייערע גע־שרייען הערט מען ווייט אין וואַלד און אין שטאָט.

פאַר דער צייט האָט זיך שוין געהאַט געשאַפן דער „יודען־ראַט״, אין מוישעוו זקיינים הויז, אַף קופּיעצקע 34. מ׳לויפט בעטן באַם יודן־ראַט ער זאָל זיך מישטאַדל זיין, אַז מ׳זאָל אָפּלאָזן די אידן וואָס מ׳האָט צוגע־נומען. דער יודן־ראַט שיקט א פאַרשטייערשאַפט צום דאַמאָלסדיקן הויפּט פון דער שטאָט. הייסט ער אונטערשרייבן פריער אַן אַקט, אַז די רוסן האָבן פאַרן אָפּטרעטן פון שטאָט אונטערגעצונדן דעם אידישן קוואַרטאַל מיט דער שיל. זיי, די דייטשן, האָבן נאָר געלאָשן דעם פייער. אונטער דער דראָונג פון געווער, שרייבט דר. ראָזמאַן, דער ראַבינער, אונטער דעם אַקט. מיט דעם ענדיקט זיך אָבער ניט. דער הענקער פאָדערט א קאָנטריבוציע פון עטלעכע קילאָ זילבער און א פאַר מיליאָן רובל. דאַן מעלדעט ער, וועט ער באַפרייען די אידן. ניט האָבנדיק קיין ברייירע, פאַרעפנטלעכט דאָס דער יודן־ראַט. פרויען גייען אַרום איבערן שטאָט וויינען און בעטן: „גיט גאָלד, זילבער און געלט וועט מען ראַטעווען אונדזערע מענער און זין״. מען

## פראַלקע קאַט

טראָגט אין יודן־ראַט פינגערלעך, זילבערנע לייכטער, וואָס נאָר איינער פארמאָגט. אפן טיר פון יודן־ראַט הענגט א גרויסער פּלאַקאַט: אלע פאר־וואלטערס פון מאַגאַזינען און אינסטיטוציעס אָדער דירעקטאָרן פון פאַ־בריקן וואָס זיינען געבליבן מיט רעגירונגס געלט פון דער סאָוועטמאַכט, דאַרפן דאָס אריינטראָגן אין יודן־ראַט פאַר דער קאָנטריבוציע, אז ניט וועלן זיי אריינגעלייגט ווערן אין ביירעס. עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד טראָגן אַלע וואָס זיי האָבן אבי נאָר צו ראַטעווען די מענטשן, מען זאַמלט נאָך אפילע מער ווי דער דייטש האָט געפאָדערט. מען טראָגט דאָס אוועק און דער ענטפער קלינגט: „מאָרגן לאָזט מען אַלע ארויס". אָבער די דייטשן האָבן זיי שוין געהאַט פארניכטעט און מ'וואַרט נאָך אַלץ אפן מאָרגן... שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט, אז מען האָט זיי אוועקגעפירט אונטערן שטאָט אפן וועג פון וואשילקאָווע און פּיעטראַשע און צעשאָסן. קיין איינער פון זיי איז נישט צוריקגעקומען ביז היינטיקן טאָג פון די 3000 אידן, יונג און אַלט. די פרויען וועמענס מענער און קינדער זיינען צוגע־נומען געוואָרן יענעם שאַבעס, זיינען פארייביקט געוואָרן מיטן נאָמען „די שאַבעסדיקע". פון אונדזער פאמיליע זיינען צווישן די שאַבעסדיקע אריינגעפאַלן כלאַוונעס ווייבס ברודער, געניעס ברודער און כאים וועלוול, פייגע ביילעס ברודער. מער געדענק איך ניט. מיר און בייבען האָט זיך איינגעגעבן ליגנדיק דעם טאָג באַהאַלטן אפן בוידעם ניט צו זיין צווישן זיי.

## דער ערשטער פּאַרטיזאַן

באָס גאַנצן גערומל פון מענטשן וואָס שטייען לעבן יודן־ראַט דער־שלאָגן, שווייגנדיק, קוקנדיק איינער אפן אַנדערן מיט פרעגנדיקע בליקן „וואָס טוט מען?" איז צוגעגאַנגען א כאַווער, עפּשטיין, און צוגעקלעפּט א קליין צעטעלע אפן טיר פון יודן־ראַט, אז מען זאָל ניט טראָגן קיין קעדושן־פינגערלעך און זילבערנע לייכטער פאַר קאָנטריבוציע, ווייל אַלץ איינעם קומט פארניכטונג, נאָר ענטפערן מיט א ווידערשטאַנד. מען לייענט דאָס צעטעלע וואָס איז קוים באמערקט צוגעקלעפּט לעבן גרויסן פּלאַקאַט פון ביירעס און מ'זאָגט: „ווידערשטאַנד" נאָך אזא קלאַפּ ווי מ'האָט באַ־קומען, ווען די רוסן ציען זיך צוריק אף אַלע פראָנטן, ווי קענען מיר אידן

# חורבן ביאַליסטאָק

שטעלן א ווידערשטאַנד?... דער כאַוועד עפשטיין איז שפּעטער אומגעקומען זייענדיק מיט מיר אלס פּאַרטיזאַנער אין וואַלד, אין 1943, אין קאַמף מיט די דייטשן, דאָס איז פייגלס א פריינט, כאַיע דער גראָבערס א זון וואָס האָט געהאַט א קראָם אין ברעמל.

די געזעצן קעגן אידן ענדיקן זיך נאָך אלץ ניט. מען פאַרווערט אידן צו גיין אפן טראָטואַר; אלע אידן מוזן גיין אפן ברוק, נאָענט פון רינשטאָק אָדער אין רינשטאָק, דער טראָטואַר איז נאָר פאַר דייטשן און אנדערע נאַציעס... אידן גייען ווינציק אין גאַס — מען כאַפּט אף ארבעט און מען שלאָגט. דער גאַנצער זאַמל פּונקט איז באַם יודן־ראַט. דער מאַצעוו איז



ניאָמע קאַט, אומגעקומען אין געפאַנגען־לאַגער

זייער א שלעכטער, ווער עס האָט אַנגעגרייט עסן איידער די רוסן זיינען אָפּגעטראָטן, דער עסט. די וואָס זיינען ארויס פון דער שיל געגנט אָפּגעברענטע און אלץ פאַרלאָרן, גייען ארום הונגעריקע און עסן בא באַקאַנטע אָדער פריינט. ס'איז דאָ א פּאָר גוטע ארבעט פּלעצער ווו מ'גיט פאַר דער אַרבעט א ביסל שפּייז, קומען טויזנטער אידן פאַרטאָג אף דעם אָרט, בא

שטיינער און באַטשניצע. מען נעמט אָבער נאָר אַ פּאָר הונדערט, די אַנדערע ווערן צעשלאָגן פאַרן שטופּן זיך. קיין ברויט איז אינגאַנצן ניטאָ. מענטשן בייטן זיך, איינער האָט מעל און דאַרף קאַשע, אַ צווייטער האָט קאַרטאָפל און דאַרף מילך פאַר אַ קליין קינד. דער וואָס פאָרט אויף די צוויי וואָס ווילן מאַכן אַ בייט, פאַרדינט עפּעס דערפאַר.

קומענדיק אין שטוב פון וועג, האָב איך זיך געמוזט אַריינלייגן אין בעט. גייענדיק האָב איך נישט געשפּירט דעם ווייטיק אין די פיס. ס'איז זיך געגאַנגען מיט אימפּעט, אָבער אַזוי ווי איך האָב נאָר איבערגעטראָטן די שוועל פון דער היים, אַזוי האָב איך מער קיין טראָט ניט געקענט טאָן און געמוזט ליגן. אין דער היים האָב איך געטראָפן די עלטערן, לייבלען און דאָס שוועסטערל. ניאָמע איז פון וועג ניט צוריקגעקומען. איך דערוויס זיך פון מיינעם אַ כאַווער וואָס איז צוריקגעגאַנגען מיט אים אַהיים, אַז אַ פרוי, אַ שכיינע, וואָס זיי האָבן געטראָפן אין וועג, האָט געבעטן ניאָמען העלפן איר אונטערטראָגן דעם פּעקל זאַכן וואָס זי טראָגט. אין דעם פּעקל זאַכן וואָס ניאָמע האָט גענומען האָט זי געהאַט אַריינגעלייגט אַ מיליטערישע בלוזקע פון וועלכע ס'האָבן זיך געוואַלגערט אַ סאַך אַפּן שאָסיי. דייטשן האָבן זיי שפּעטער אָפּגעשטעלט, רעווידירט און דעם ברודער, ניאָמען, צוליב דער בלוזקע אָנגענומען פאַר אַן איבערגעטאָענעם רויט־אַרמייער און צוגענומען אין געפאַנגענשאַפט. מיין כאַווער האָט אים פאָרגעלייגט צו אַנטלויפן, אָבער ניאָמע איז געווען דערשעפּט, געהאַט געשוואָלענע פיס פון וועג און ניט געקענט אַנטלויפן. ניאָמע איז געבליבן אין געפאַנגען לאַגער, דער כאַווער איז אַנטלאָפן. מער קיין ידיעס האָב איך פון אים נישט געהאַט. צוליב דער נאַרישקייט פון אַ פרוי וואָס האָט געהאַט גרויסע אויגן אין אַזאַ צייט, איז ניאָמע אַריינגעפאַלן אין געפאַנגען לאַגער און מיטגעמאַכט דעם גורל פון אַלע געפאַנגענע רויט־אַרמייער פון וועלכע 99 פּראָצענט זיינען צעשאָסן געוואָרן אָדער אומגעקומען פון הונגער. מיט דעם האָט זיך געענדיקט ניאָמעס לעבן אין יולי 1941.

אין שטוב איז קיין פּיצל עסן ניט געווען. איבערלאָזנדיק די עלטערן און שוועסטערל אַליין האָבן זיי גאָרניט געקענט אָנגרייטן. איך האָב געמוזט גלייך, קוים אָפּרוענדיק פון אַזאַ וועג, נעמען זוכן אַרבעט. איך קריג אויסצוקלעפּן אַ צימער בײַ אַ דייטש און גאַנווע אַראָפּ אַ העלפט מעל

# כורבן ביאַליסטאָק

פון די וואָס ער גיט מיר אַף קליי און נעם אין שטוב. עס ווערט א סימכע, מיר האָבן שוין וואָס צום עסן. א פּאָר פּלעצלעך אָנשטאָט ברויט און מעל פאַרקאָכט אַף וואַסער, אָט דאָס איז דער עסן אין יענער צייט.

יעדן טאָג מוז מען ארויסגיין, זיך שטופּן צווישן טויזנטער וואָס ווילן קריגן אַרבעט בלויז פאַרן אָפּעסן. מיר גייען ארוים זאַלבע דריט, איך דער טאַטע און בייבע. אמאָל קריגט איינער פון אונדז אַרבעט און אַמאָל קיינער נישט. דער וואָס קריגט זיך אַריין, עסט אָפּ און ברענגט אין שטוב די רעשט פאַר די איבעריקע.

## די געלע לאַטע — די גרעסטע שאַנד פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט

לעבן יודן־ראַט הענגט שוין א נייער צעטל: „אַלע אידן פון 14 יאָר ביזן טיפסטן עלטער, מענער און פרויען, מוזן טראָגן א געלן מאָגנדאָוויד פון 10 סענטימעטער די ברייט און די לענג אַפן האַרצן און אַף די פּלייצע. דער איד וואָס וועט ניט אָנייען קיין געלן מאָגנדאָוויד ווערט דערשאָסן".
דאָס טרעפט ווייטער אַלעמען ווי א באָמבע. איינער פון יודן־ראַט גייט ארוים אין גאַס ווייזן ווי אזוי מען דאַרף טראָגן די געלע לאַטע. אַלע זוכן אוים געלע לייוונט, מ'פאַרבט ווייסע לייוונט אַף געל, מען שעמט זיך אָבער ארויסצוגיין אין גאַס. פיל זיצן וואָכן אין שטוב צוליב דעם. אָבער עס העלפט ניט, ארויסגייענדיק מוז מען אָנטאָן, אויב ניט קען מען באַצאָלן מיטן לעבן. די אידן אַליין מוזן היטן, אז אַלע זאָלן דאָס טראָגן. אין יעדער שטוב טוט איינער אָן, גייט ארוים אין גאַס און קומט באַלד צוריק. איך קען מיט דעם ניט גיין, ס'איז שרעקלעך צו זען, ווי אַלע גייען מיט די לאַטעס אַף דער פּלייצע — פאָרנט איז נאָך א האַלבע צאָרע. מען פּרוּווט דאָס מאַכן שיין, אָנייען גלייך, אָבער עס קומט גאָרניט ארויס — א לאַטע בלייבט א לאַטע. סאָפקאָלסאָף געוואוינט מען זיך אויך צו דעם צו, ווייל ס'איז שוין דאָ א גרעסערע צאָרע: אידן ווערן פאַרשפּאַרט אין א געטאָ. דאָ פאַרשטייט מען שוין גאָרניט ווי מ'וועט לעבן, וואָס וועט מען עסן, אז שוין איצט זיינען דאָ מענטשן וואָס גייען אוים פון הונגער.

## פראָלקע קאָט

# די געטאָ

די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג איז איצט פאַרנומען מיט איין זאַך: ווו וועט זיין די געטאָ? ווי וועט מען וואוינען? וויפל גאַסן? באַ וואָס וועט מען אַרבעטן? און פון וואָס וועט מען לעבן? אָבער לאַנג טראַכטן לאָזט נישט דער דייטש. עס שיטן זיך גזירעס איינע נאָך דער אַנדערע. מען ענדיקט נאָך ניט קלערן ווי וועט מען לעבן מיט איין גזירע און עס לויפט שוין אַ צווייטע; קיין מינוט רו אין פיר יאָר דייטשער הערשאַפט!

אידן טראָגן שוין פון אַלע עקן שטאָט בעטן, פעק זאַכן. אַלץ ציט זיך צו קופּיעצקע, נייוועלט, טשעפּלע און דעם גאַנצן אַרום, ניט דער מיעסטער געגנט פון ביאַליסטאָק. דאָס, זאָגט מען, האָט אויסגעפּויעלט דער יודן־ראַט, אַז עס זאָל זיין אין אַ שיינעם געגנט פון שטאָט. ווייטער געלט געקאָסט צו אונטערקויפן דעם שטאָט קאָמענדאַנט. מען בויט אַליין אַ גרויסן פּאַרקאַן אין אַלע גאַסן פון צוויי מיט אַ האַלבן מעטער די הויך און פון אויבן גיט מען נאָך צו אַ האַלבן מעטער שטעכיקע דראָט. צוויי טויערן ווערן געמאַכט צו אַרויסגיין, אויף קופּיעצקע איינער און אויף יוראַ־וועצקע דער צווייטער. אַ שטיקל פּלאַץ אויף ביים־האַקוואַרעם אויף זשאַביע גאַס, וועלכער ווערט, מיט די אויגן קוקנדיק, פון טאָג צו טאָג פולער. אַז עמיצער שטאַרבט אין געטאָ מיט אַ נאָרמאַלן טויט — שטאַרבן צוליב די באַדינגונגען פון געטאָ הייסט אַ „נאָרמאַלער טויט" — זאָגט מען: דער איד איז אַ כאָכעם...

אַלע פּאָליאַקן און ניט־אידן מוזן אַרויסגיין פון די גאַסן וואָס זיינען באַשטימט פאַרן געטאָ. זיי באַקומען דירעס אין אַן אַנדער טייל שטאָט. די אידן, 60.000 אין צאָל, ווערן אַריבערגעטריבן אין דעם קוואַרטאַל. מען טאָר ניט פאַרנעמען מער ווי 3 מעטער פאַר אַ פּערזאָן, ווינציקער — יאָ. אין איין צימער גייען אַריין 2 אָדער 3 פאַמיליעס. מען צאַמט אָפּ אינמיטן מיט אַ טוך אָדער דיקטענע ווענטלעך. אַלע באָטע מעדראָשים, אַלע קרעמ־לעך, ווו נאָר אַן אָרט, ווערן באַזעצט. ס'איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר דער באַפעלקערונג. שול־געביידעס וואָס פאַלן אַריין אין געטאָ, ווערן אויך באַזעצט — מען דאַרף זיך שוין נישט לערנען... מעבל ווערט אַרויפגע־טראָגן אויף די בוידעמס — אין צימער איז פאַר זיי ניטאָ קיין פּלאַץ —

# חורבן ביאַליסטאָק

אָדער מען לאָזט זיי איבער אין די געוועזענע דירעס. די רייכערע אידן דינגען פורן פאַר וועלכע די פּאָליאַקן נעמען א פּיאַנע, די זאַכן פון שיינעם שלאָף־צימער, אַלץ איינס — זאָגן זיי — דאַרפט איר דאָס שוין ניט האָבן. די אָפּגעברענטע אידן פירן גאַרניט; די אָרעמערע באַפעלקערונג פון כאַנאַי־קעס, פּיאַסקעס, שלעפּן פון יענע געסלעך אויף די פּלייצעס אָדער אויף א האַנט וועגעלע וואָס זיי קענען.

אין „געטאָ" — א שווידערלעך בילד. אַלץ שלעפּט. יונגע קינדער, אַלטע אידן און אידענעס וואָס זיינען פריער געלעגן אין בעט און קענען קוים וואָס גיין, מוזן טראָגן בעטגעוואַנט, בעטן, געשיר און האַלץ. אַזוי דויערט דאָס אַ פּאָר טעג. אין דער זעלבער צייט שטייען אויף די גאַסן צעשטעלט דייטשן מיט אַפּאַראַטן און פאָטאָגראַפירן. אויף אַלע הויפן ליגן אַנגעלייגט מעבל, זאַכן. מען קריגט זיך — עס פאַלן אַריין ניט קיין גע־וואונטשענע מענטשן, וואָס מוזן וואוינען צוזאַמען, — די פּאָליאַקן קומען שלאָגן, ראַבירן אויף די הויפן, ניטאָ ווער עס זאָל זיך פאַרטיידיקן. אָבער, מען טראָגט אַלץ אַריבער. עס פאַרענדיקט זיך דאָס אַריבערפּעקלען, דער פאַרקאָן ווערט אַרומגעצאַמט, מיר זיצן שוין פאַרמאַכט מיט א וואַך פון דייטשן אַרום, מען קען מער ניט אַרויסגיין.

פאַר דער צייט פון זיך אַריבערטראָגן, קומען פּאָליאַקן ברענגען א ביסל קאַרטאָפל, גרינסן און בעטן אָנצוגן, פאַר 20 קילאָ קאַרטאָפל. איך אַליין פאַרקויף אַן אָנצוג, וועש און שיך און קריג דערפאַר 25 קילאָ קאַר־טאָפל, 3 קילאָ אַרבעס און א ביסל מעל. מערסטנטייל גרייט מען אָן אויף א פּאָר וואָכן. וואָס מען האָט נאָר, גיט מען אַוועק אויף צו קריגן א ביסל שפּייז. אויף ווי לאַנג מען דאַרף זיך פאַרגרייטן ווייסט מען ניט.

מער ווי ביזן פאַרקאָן טאָר מען שוין ניט גיין. נאָך 9 אַזייגער אין אָוונט טאָר מען שוין בּיכלאַל ניט אַרויסגיין אפן גאַס. מען קומט זיך אויף באַנאַכט און מען שמועסט וועגן דעם ווי מ'וועט לעבן אין אַזוינע באַ־דינגונגען. עס קומען פאַר גנייוועס, מערסטנס פון שפּייז. אַלע וואוינען צוזאַמען, איינער זאָגט אפּן אַנדערן, מען קען זיך ניט, און עס קומען פאַר קריגערייען און מ'רעדט ניט איינער צום צווייטן אין איין שטוב.

עס שאַפט זיך א אידישע פּאָליציי, ווער עס וויל קען זיך פאַרשרייבן. מ'קלערט וואָס פאַר אַן עלעמענט וועט איצט ווערן א פּאָליציאַנט, מיסטאָמע

דער ערגסטער, פון דער אונטערוועלט. אָבער, ווען עס באַווייזן זיך די אידישע פּאָליציי מיט גרינע היטלען און אָנגעשריבן אַף דייטש „אָרדע־נונגס דינסט", ווערן אַלע איבעראַשט: דאָפּקע פון די געלערנטע ספערן, געענדיקטע פון גימנאַזיע און סאָכרים, די וואָס מען רופט „אינטעליגענץ"!

# אין געראַנגל פאַר אַ ביסן ברויט

אַ טייל מענטשן גייען אַרויס אַרבעטן אינדערפרי אויסערן געטאָ, מיט צעטלען וואָס דערלויבן זיי אַדורכגיין דעם טויער. זיי ברענגען צוריק־גייענדיק אַ ביסל גרינס וואָס זיי קויפן אָדער קריגן באַ דער אַרבעט. באַם טויער, פון אינעווייניק, שטייט די פאַמיליע פון גליקלעכן און וואַרט אַף וואָס ער וועט זיי היינט ברענגען פון דער אַרבעט. עס שאַפט זיך אַ נייער סאָרט אַרימעלייט, אַזוינע וואָס בעטן עפּעס פון דעם וואָס ברענגט אַריין.

אינדערפרי קומען דייטשן נעמען אידן צו דער אַרבעט. מערסטנס גייען מיידלעך, מענער האָבן מוירע, טאָמער קומט מען שוין נישט צוריק. די מיידלעך זענען צו געפעלן ווערן.

— היינט האָב איך אָנגעטאָן די בלוזקע האָט מיר דער דייטש באַלד גענומען און דער אַנדערער ניט... איך בין אַ בלאָנדע, נעמט ער מיר שטענדיק... — דאָס זיינען די שמועסן וואָס מ'קען הערן אין יענער צייט.

אין געטאָ קאָסט 3 דאָלער אַ פונט מעל. ברויט באַקט מען לויט דער ריי אין די בעקערייען וואָס פאַלן אַריין אין געטאָ. דער וואָס באַקט, נעמט אַראָפּ פון יעדן געבעקס אַ לעבל ברויט. ביסלעכווייז גייען אַרויס מער אידן אַרבעטן. אין געטאָ שאַפן זיך פאַבריקן צו אַרבעטן פאַר די דייטשן. אַלע מוזן ווערן באַשעפטיקט, צוואַנגס אַרבעט פאַר קינדער פון 14 יאָר ביז עלטערע מענער און פרויען פון 70 יאָר. אַלע ווילן זיך אַרויסקריגן אויסערן געטאָ אַרבעטן, ווייל דאָרט באַ דער אַרבעט טרעפט מען זיך מיט דער באַפעלקערונג וואָס בייט אויס פאַר לעדער און אָנצוגן שפּייז, וועלכע מען טראָגט אַריין. דער וואָס האָט מער פאַרקויפט דעם צווייטן און עס הויבט זיך אָן ביסלעכווייז אַן האַנדל צווישן איינעם און צווייטן. עס פאַלן דאַן די פרייזן פון לעבנסמיטל.

פון יודן־ראַט באַקומט אַ איד וואָס אַרבעט 250 גראַם ברויט אַף 2

טעג. מענטשן מיט וועגעלעך פירן מעל פון יודן־ראַט צו די בעקערייען און פאַרדינען אויך עפּעס. אַנדערע שטעלן איין דעם לעבן. קינדער פון צען יאָר גאַנוועענען זיך ארויס דורכן פּאַרקאַן אין גאַסן און זיי לויפן אין דאָרף עפּעס בייטן פאַר שפּייז. פאַרן ארויסגיין פון געטאָ קומט טויט־שטראָף, דערפאַר גייען קינדער וועלכע גאַנוועענען זיך לייכטער ארויס. דער וואָס אַרבעט ניט אין געטאָ, פאַרקויפט די זאַכן זיינע צו דעם וואָס גייט ארויס אַרבעטן און ביידע פאַרדינען. דער קריגט שפּייז פאַר די זאַכן און דער צווייטער נעמט זיך עפּעס פאַרן אריינטראָגן די שפּייז, פאַרן דורכפירן די טראַנזאַקציע. אזוי, ביסלעכווייז, געוואוינט מען זיך צו און עס עפּנט זיך שוין אפילע א קרעמל, וווּהין די מענטשן וואָס האָבן צופיל טראָגן אריין זייערס און דאָס קרעמל פאַרקויפט דאָס אַף איינצל דער באַפעלקערונג. אַף נייוועלט (פּראַגעס גאָרטן) שאַפט זיך א מאַרק, ווו עס שטעלן זיך איין איבערקויפערס וואָס קויפן אַף הורט און שטעלן איין א הויכן פּרייז אַף איינצל. אָבער, ביסלעכווייז, מיטן אַרויסגיין מער צו דער אַרבעט און מיטן מער אריינברענגען, ווערן די פּראָדוקטן ביליקער. דאָס לעבן, קען מען זאָגן, ווערט נאָרמאַליזירט, ווען ניט די ווייטערדיקע גזירעס.

## באַם אַריינגאַנג און אַרויסגאַנג פון געטאָ

אינדערפרי, פון 6 אזייגער, הויבן אָן ארויסגיין צו דער אַרבעט די וואָס אַרבעטן אויסערן געטאָ, מיט א צעטל אַף וועלכן עס איז אָנגעצייכנט אַף וועלכער גאַס ער אַרבעט. באַם טויער שטייען צוויי דייטשן מיט געווער און צוויי אידישע פּאָליציאַנטן, אָן געווער, קאָנטראָלירן און באַטאַפּן יעדן אַיינעם צי ער טראָגט גאָרניט ארויס צום פאַרקויפן. מענטשן טוען זיך אָן אונטער די שמוציקע אַרבעטס־זאַכן גוטע אָנצוגן. מען בינדט זיך ארום מיט לעדער אָדער טישטעכער אַף אויסצובייטן באַ דער אַרבעט. באַ זייער פיל געפינט מען די זאַכן, וועלכע מ׳נעמט באַ זיי צו און מ׳צעשלאָגט נאָך: אַנדערע געלינגט דורכצוטראָגן. איינער פרעגט באַם אַנדערן: „א גוטע וואָד? מען קען אַרויסטראָגן?" אויב יאָ, גייט מען. אויב ניט טראָגט מען דעם טאָג גאָרניט דורך. אַמאָל שטייט אַיינער וואָס זוכט ניט און א צוויי־

# טראָלקע קאָט

טער וואָס זוכט יאָ, שטופּן זיך אַלע צום גוטן דייטש. מען קריגט דערביי געשלאָגן פאַרן שטופּן זיך.

שווין אדורך דעם גענעם, מוז מען גיין אַף דער גאַס ווו עס איז אָנגע־צייכנט צו גיין. ווען מ׳כאַפּט אַף אַן אַנדער גאַס, שלאָגט מען און מען רעווידירט. אויב מען געפינט עפּעס טראַגנדיק, נעמט מען צו. א גאַנצן טאָג שלעפּן זיך אידן, קינדער, פרויען, אפן ברוק מיט פּעק וועלכע מען טראָגט אריין מיטיק־צייט, פון 12 ביז 14, אין געטאָ. טרעפט מען א געסטאַפּאָ אגענט, פאַרהאַלט ער און נעמט צו אַלץ, אַפילע געלט נעמען זיי צו. גייענדיק צו דער אַרבעט טאָר מען קיין געלט ניט מיטנעמען, ווייל צו וואָס דאַרף א איד געלט, ווען קויפן איז נישט דערלויבט און פונוואַנען האָט א איד געלט, ווען פאַר דער אַרבעט צאָלט מען ניט? אפן גאַס דרייען זיך ארום פּאַטרולן, דייטשן און פּאָליאַקן. ווען זיי זעען איינעם אפן ברוק מיט א געלער לאַטע, רופן זיי צו און פרעגן שווין, וואָס טוסטו אַף דער גאַס ווען דו אַרבעטסט אַף א צווייטער? ווען ער נעמט בא דיר בלויז צו דאָס געלט און דאָס זעקל וואָס דו טראָגסט, איז ער א גוטער דייטש, ווייל אַן אַנדערער פירט דיר אַוועק אין געסטאַפּאָ ווו מען גיט דיר 20 שמיץ אפן הוילן הינטן. מ׳קען מאַנאַטן לאַנג נישט זיצן, אָבער דאָס האַלט ניט אָפּ — מען מוז בא אַזוינע באַדינגונגען ווייטער גיין קויפן.

קוים איינגעקויפט א ביסל שפּייז, מוז מען אָפּקויפן דעם דייטש בא דער אַרבעט מיט עטלעכע מאַרק, ער זאָל דאָס ניט צונעמען און לאָזן אהיימטראָגן נאָך דער אַרבעט. פּעטס באַהאַלט מען ארום זיך, אונטער די זאַכן, אָבער די דייטשן באַם טויער טאַפּן דורך פון קאָפּ ביז די פיס און דערביי גיבן זיי קלעפּ פאַרן ניט גלייך שטיין. לעבן טויער ליגן זעק מיט קאַרטאָפל, קילאָען פּוטער, פלעשער בוימל, הינער. אָבער אַנדערע טראָגן צוריק און באַהאַלטן די זאַכן אין די כורוועס אַף מאָרגן, עפּשער וועט זיין א בעסערע וואַך, כאָטש זעלטן ווען דאָס געשעט. די דייטשן פירן אַוועק גאַנצע פורן מיט שפּייז און פאַרקויפן דאָס ערגעץ אַנדערש. איז אָבער איינעם שוין געלונגען עפּעס דורכצוטראָגן, דאַן קומט אונטער איינער פון דער אידישער פּאָליציי און בעט א טייל פון דעם וואָס מען האָט דורכגע־טראָגן — ער דאַרף אויך לעבן — אויב ניט ווייזט ער א צווייטן מאָל אַן דער וואַך און מ׳נעמט אַלץ צו. דאָס איז זייער פּאַרנאָסע...

# כורבן ביאַליסטאָק

די העכערע פּאָליציי, די אזוי גערופענע קאָמאַנדירן, וואָס שטייען ניט באַם טויער, פאַרנעמען זיך מיט גרעסערע אַפּערעס. ס׳האָט זיך געשאַפן א פינפטל פון איינעם זעליקאָוויטש, קוואַטער, פין און נאָך צוויי, וועלכע פלעגן ארעסטירן מענטשן אין יודן־ראַט, אין קעלער — דאָרטן איז געווען דער אַרעסט. די טורמע, וועלכע מען האָט גערופן „סינג־סינג״, איז געווען דאָרט ווו מ׳פלעגט אַמאָל שעכטן אויפעס אַף יאַטקע גאַס. זיי פלעגן קומען באַנאַכט און זאָגן, אז מען רופט פון געשטאַפּאָ. פון דאָרט האָט מען געוווּסט קומט מען שוין ניט צוריק. דאַן פלעגט קומען איינער פון די פינף און זאָגן, אַז ווען מען גיט אים אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר וועט ער אונטערקויפן די דייטשן און מ׳וועט ניט פירן אין געסטאַפּאָ. אָפט האָבן זיי אַרעסטירט קאָמוניסטן און געפאָדערט אַ סאַך געלט. ווען די געסטאַפּאָ פלעגט ווירקלעך הייסן ארעסטירן, דאַן איז געווען פאַרפאַלן. נאָר זיי פלעגן דאָס טאָן אַף אייגענער האַנט קעדיי אויסצופּרעסן געלט. אזאַ מענטש וואָס האָט זיך באַ זיי אויסגעקויפט האָט זיך שוין געמוזט אויסבאַהאַלטן די גאַנצע צייט, ווייל זייער אומפאַרשעמטקייט האָט דערגרייכט ביזן אַרעסטירן צוויי און דריי מאָל.

זעליקאָוויטשן מיט דער באַנדע איז אָבער דאָס אַלץ געווען ווינציק. זייענדיק דער פאַרמיטלער פון געטאָ מיט דער געשטאַפּאָ, פלעגט זעליקאָוויטש א סאך פון די זאַכן וואָס דער יודן־ראַט האָט געמוזט צושטעלן די דייטשן — פוטערס און זיידנס — נעמען צו זיך א היים און גלייכצייטיק פאָדערן אַף אַייגענער האַנט, וואָס אים פלעגט זיך גלוסטן. ער איז שוין דערגאַנגען צו אזא מאַדרייגע אין יענער צייט, אז די דייטשן האָבן אים אויסגעקליבן פאַרן בעסטן יודע און אים דערלויבט גיין אָן דער געלער לאַטע. אָבער די אַפּערעס האָבן זיך פאַרגרעסערט פון מאָל צו מאָל, ביז עס האָט געפּלאַצט. ער איז דורכגעפאַלן באַ דעם דעמאָלטיקן שטאָט פּרעזידענט דעם דייטש שימאַנסקי, וועלכער האָט אים, אַיינמאָל ווען ער איז געקומען צו אים, אים צעשלאָגן און אָנגעמאַלעוועט א געלע לאַטע פון פאָרנט און הינטן און דורכגעפירט א רעוויזיע באַ אים אין שטוב, ווו ער האָט געפונען א סאך גאָלד, זיידנס און טוך אין די ווענט. ער איז ארעסטירט געוואָרן און געשטאָרבן אין טורמע. די איבעריקע פיר כאַווערים זיינע, זיינען אָוועקגעשיקט געוואָרן אין א קאָנצענטראַציע־לאַגער פון

## פראָלקע קאָט

וועלכן עס געלינגט זיי פונדעסטוועגן זיך צו באפרייען מיט דער הילף פון געלט.

אזוינע מענטשן־אויסווורפן פון פאָלק, וואָס זיינען געזעסן אפן קארק בא די געגנוג שווערע, פאשעט אומענטשלעכע באדינגונגען אין געטאָ, איז געווען ניט ווייניק. די קלענערע פאָליציי פלעגט זיך אויך פארנעמען מיטן כאפן מענטשן, וואָס ארבעטן קלוימערשט ניט, צו שיקן אף שווערע ארבעט. אזוינע כאפונגען פלעגן פארקומען טאָג־טעגלעך. און אזוי ווי די מער פארמעגלעכע פלעגן זיך אויסקויפן, פלעגן זיי צונעמען די וואָס האָבן יאָ געארבעט. אפילע זונטיק פלעגט מען דערפאר ניט קענען גיין אין גאַס, האָבנדיק מוירע פארן כאפן אף ארבעט. מערסטנס פלעגט קאָסטן געלט זיך צו באפרייען פון זיי. דאָס איז געווען די פארנאָסע פון דער אידישער פאָליציי.

## דער יודן ראַט

דער יודן־ראַט האָט זיך צונויפגעשטעלט מערסטנס פון די פריער־דיקע קעהילע — מענטשן, וואָס זיינען געבליבן נאָך די אָלע ברענענישן און כאפונגען פון די דייטשן: דר. ראבינער ראָזמאַן, אינזשעניער באראש, סובאָטניק, גאָלדבערג, ווישניעווסקי און אַנדערע. פון באראשן האָט מען געוואָלט שאפן דעם מענטשן דעם רעטער פון די ביאַליסטאָקער אידן און פון גרעסטער פארניכטונג. אָבער נאָך דעם ווי ער האָט ארויסגעגעבן מענטשן צו שיסן, איז ער געוואָרן שטארק קאָמפּראָמעטירט און זיין אויטאָריטעט איז שטארק געפאָלן.

די ארבעט פון יודן־ראַט איז באשטאַנען אין נאָכגעבן די דייטשן אלץ וואָס זיי האָבן געפאָדערט, אפילע פארקויפן איין טייל אידן פארן פרייז פון לאָזן לעבן דעם צווייטן טייל, וואָס זיי האָבן געמיינט, אז דאָס וועט זיי זיך איינגעבן. זיי האָבן פאר יעדן פרייז געוואָלט געווינען צייט ביז דער באפרייונג פון דעם געטאָ דורך דער רויטער ארמיי. זיי האָבן ניט געגלויבט דעם דייטש וועלכער האָט געזאָגט, אז „אויב מיר וועלן פארשפילן 12 אזייגער, וועלן מיר 5 מינוט פאר 12 אויסמאָרדן ביז איין איד". דער יודן־ראַט האָט געשאפן אין געטאָ פאבריקן, צוגענומען בא

# חורבן ביאַליסטאָק

אַלע די נײַ מאַשינען און געשאַפֿן ריזיקע שנײַדערײַען פֿאַר דער דײַטשי־שער ווערמאַכט, צו נײען מונדירן, שוסטערײַען וועלכע האָבן גענײט שטיוול, רימערײַען, וועשערײַען וועלכע האָבן געוואַשן דײַטשישע וועש פֿון פֿראָנט. די גרעסטע טראַגעדיע פֿון די אַרבעטער, איז געווען ווען עס איז נאָכער אָנגעקומען צו וואַשן אידישע זאַכן פֿון טרעבלינקע, וועלכע מ'האָט דערקענט נאָך די דאָקומענטן. דער געטאָ איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין פֿאַבריק ווו מ'האָט געמוזט אַרבעטן פֿאַר 250 גראַם ברויט אַף צוויי טעג, אויב מ'האָט געמאַכט די אײַנגעשטעלטע נאָרמע, ווען ניט האָט מען דאָס אויך ניט באַקומען. פֿאַר פֿאַרשפּעטיקן בא דער אַרבעט פֿלעגט מען אַנטזאָגן און דאָס האָט געהייסן — ווי זיי פֿלעגן אײַנריידן — טויט פֿאַר דעם וואָס אַרבעט ניט. אַפֿילע עלטערע פֿרויען, זקיינים און קינדער פֿון 14 יאָר זײַנען געזעסן מיט שפּיזלען און געמאַכט פֿאַר זיי הענטשקעס און שקאַרפּעטן אַף ווינטער. מ'האָט געאַרבעט אין דרײַ סמענעס (טורנעס) און די וואָס האָבן ניט געהאַט קיין פּלאַץ אין פֿאַבריק פֿלעגן מוזן נעמען אַרבעט אין שטוב. אַזוי האָט אונדזער קליין שוועסטערל רײַצעלע פֿון 14 יאָר געמוזט שטריקן הענטשקעס פֿאַר די דײַטשן גאַנצע צען שאָ אַ טאָג. די נאָרמע איז געווען אַזוי אויסגערעכנט, אַז מ'האָט דאָס ניט געקענט מאַכן אין ווייניקער צײַט. נאָכער האָט מען געמוזט טראָגן אין פֿאַבריק צו דער בריגאַדירשע ווײַזן צי ס'איז גוט געמאַכט. ווען שלעכט, האָסטו געמוזט פֿאַריכטן אַף אייגענער צײַט און ניט באַקומען די פּאָרציע ברויט. אויך פּריוואַטע דײַטשן האָבן אײַנגעשטעלט אין געטאָ פֿאַבריקן, אויסנוצנדיק די אומזיסטע אידישע אַרבעטס־הענט. מער ניט וואָס זיי האָבן געגעבן אַ ביסל קאַשע פֿאַרן מלאָכע פּרייז און דערפֿאַר האָט דאָס געהייסן דער בעסטער פּלאַץ אַף אַרבעט, ווו מ'האָט געדאַרפֿט האָבן פּראָטעקציע זיך אַרײַנצוקריגן.

אין אַלגעמיין האָבן אין געטאָ דאָס ראָוו געאַרבעט די רײַכערע מענטשן, ווײַל פֿון דעם וואָס מ'פֿלעגט געבן פֿאַר דער אַרבעט האָט מען ניט געקענט לעבן. די אָרעמע טייל האָט געמוזט אַרבעטן אויסערן געטאָ בא שווערע, איבערמענטשלעכע אַרבעטן און דערצו נאָך באַקומען קלעפּ. דער פּלוס איז געווען נאָר דער, וואָס עס פֿלעגט זיך אײַנגעבן עפּעס צו קויפֿן און אַרײַנברענגען אין געטאָ און דערבײַ עפּעס פֿאַרדינען. אָבער, אַזוי ווי

## טראָלקע קאַט

דורכן גליכן וועג פלעגט מען צונעמען, פלעגט מען אונטערגראָבן דעם פּאַרקאַן אין געוויסע ערטער, ווו ס'איז געווען שוואַך באַוואַכט און אָפּ־ריידן מיט די קינדער זיי זאָלן אָפּוואַרטן און אריבערנעמען די זאכן. מען פלעגט אויך אריינפירן גרויסע סכומען שפּייז מיט די פורן פון מיסט אָדער מיט די טינעף־פעסלעך, וועלכע מ'פלעגט אויסוואַשן נאָכן אויסגיסן דעם שמוץ און אריינלייגן פלייש, מעל א. א. וו. פאַרשטייט זיך, אז מ'האָט געמוזט אָפּקויפן דעם אידישן פּאָליציאַנט און דעם דייטש באַם טויער, קעדיי ער זאָל דאָס דורכלאָזן. מיטן אָנקום פון ווינטער איז געקומען א נייע שוועריקייט: מ'האָט געדאַרפט האָבן האָלץ צו אָפּקאָכן עפּעס. אָבער אויך קיין האָלץ האָט מען ניט געלאָזט אריינטראָגן און אפילע פון די פאבריקן האָט מען ניט געטאָרט נעמען דאָס קלענסטע ברעטל. די אידישע פּאָליציי פלעגט ארומטאַפּן יעדן ארבעטער באַם ארויסגיין פון פאַבריק, זוכן אפילע אין די קעשענעס און ארויסוואַרפן דעם, בא וועמען מ'האָט געפונען א פּאָר שפּענדלעך. בלויז פּילינעס און סטרוזשקעס האָט מען געקענט נעמען.

אזוי האָט זיך געצויגן דאָס לעבן ביזן ערשטן ווינטער 1941, ביז ס'איז געקומען א נייע גזירע.

## די נייע גזירע "פרוזשענע„

פּרוזשענע איז א שטעטל לעבן ביאַלאָוויעזשער וועלדער, ווייט פון ביאַליסטאָק. דאָרט האָט דער דייטשישער געסטאַפּאָ פירער פרידעל באַ־שטימט ארויסצושיקן 12 טויזנט אידן: „צופיל אידן אין געטאָ”, האָט געזאָגט די געסטאַפּאָ, נאָך אלע שטאָדלאָנעסן און נאָך אלע קאָמיסיעס וואָס זיינען געקומען ארומקוקן דעם געטאָ.

גאַנץ אָפט פלעגן קומען צום יודן־ראַט דייטשן אין טאַקסיס, דאַן פלעגט די אידישע פּאָליציי הייסן אַלעמען זיצן אין שטוב, זיך ניט וואַרפן אין די אויגן, און באַראַש פלעגט אין א דראָזשקע ארויספאָרן זיי ווייזן ווי אידן ארבעטן מיט פלייס אין די פאַבריקן. פאַר איינוועגס פלעגט מען זיי באַשענקען מיט פּאָדאַרקעס, נעמען מאָסן אָף שטיוול און זאכן. אָבער, דאָס אַלץ האָט ניט געהאָלפן, דער ענטפער איז קורץ: „צופיל אידן אין געטאָ, מ'מוז ארויסשיקן די ניט־פּראָדוקטיווע”.

# כורבן ביאַליסטאָק

דער יודן־ראַט נעמט זיך צו דער אַרבעט; מען שאַפט אַ ספּעציעלן אַמט, וואָס רעגיסטרירט אַלע פאַכמענער. די גאַס לעבן יודן־ראַט איז שוואַרץ פון מענטשן, אַלע ווערן „פאַכמענער". מיטאַמאָל, אַ צווייטער קלאַנג, וואָס ווערט איבערגעגעבן בעסאָד, אָבער גלייך ווייסן אים אַלע, אַז די וואָס אַרבעטן אויסערן געטאָ וועט מען ניט אַרויסשיקן. יאָגן זיך אַלע אַרויסצוגיין אַרבעטן אויסערן געטאָ. די פינצטערע עלעמענטן נוצן דאָס אויס אַף צו נעמען געלט פאַרן קריגן אַזאַ צעטל. עס ווערט אויך קלאָר פאַר אַלעמען, אַז די אידישע פאָליציי וועט מען ניט אַרויספירן. איבער נאַכט וואַקסן אויס פרישע פאָליציילייט, ווי ביטקעס נאָך אַ רעגן, מען האָט זיי אַ נאָמען געגעבן „די 50 דאָלערדיקע", ווייל בלויז פאַר 50 דאָלער און דער־צו נאָך גרויסע פּראָטעקציע, האָט מען געקראָגן אַ גרינע פאָליצייאישע היטל...

די טעג לויפן און עס בייטן זיך די קלאַנגען. עס גייט אַרויס אַ קלאַנג, אַז עלטערע מענטשן וואָס קענען ניט אַרבעטן קען מען אַפּראַטעווען, זיי צושרייבן צו איינעם וואָס אַרבעט. מענטשן לויפן אַרום אַן קעפּ. די מומע שיפרע קומט צו לויפן צו אונדז איך זאָל איר אַרויפשרייבן. איך פּרוביר איר אויפקלערן, אַז עס העלפט ניט דאָס אַרויפשרייבן. אויב מען האָט ניט קיין פּראָטעקציע אָדער געלט צום באַצאָלן די געהעריקע מענטשן, מעגסטו האָבן דאָס בעסטע פּלאַץ, וועט מען דיר באַשטימען צום אַרויסשיקן. אָבער אין אַזאַ צייט קענסטו אַ מענטשן ניט איבערצייגן, ווען מען טרינקט זיך כאַפּט מען זיך אָן אַן אַ שטרוי. איך גיי מיט איר אין יודן־ראַט, שטיי אָפּ אַ גאַנצן טאָג און שרייב איר אַרויף אַף מיין צעטל.

עס דערנענטערט זיך די אַרויסשיקונג. פאָליציי צעטראָגן יעדן פאַר־נאַכט צעטלען פון יודן־ראַט וועגן זיך צושטעלן פאַרטאָג אַף פאַבריטשנע גאַס, ווו עס איז געמאַכט געוואָרן אַ ספּעציעלער טויער. די צעטלען ווערן פאַרטיילט לויטן אַלעף־בייס און אַלע לעבן אין דערוואַרטונג. עס דערגייט אויך צו מיין אָס „ק" — קאַט. איך קום פון דער אַרבעט ווי שטענדיק פון אויסערן געטאָ, נאָר איך ברענג שוין גאָרניט, זאָל מען כאַטש באַווייזן אויפצועסן וואָס ס'איז דאָ. אַריינקומענדיק פון טויער אין געטאָ קלאַפּט דאָס האַרץ. איך בין שוין מיד צו ענטפערן אַלעמען, וועלכע זיינען מיר [illegible] אַרבעט און פרעגן בלויז צי איך האָב וועמען פאַרשריבן.

# פראָלקע קאָט

אריינגייענדיק אין שטוב טרעף איך אַלעמען זיצן פאַרטרויערט, די זאַכן צעוואָרפן ווי נאָך אַ פּאָגראָם. איך פאַרשטיי שוין און פרעג גאָרנישט, כ׳בעט אפילע ניט קיין עסן. דער צעטל פון יודן־ראַט ליגט אפן טיש: די פאַמיליע מוז זיך צושטעלן אינדערפרי, 5 פאַרטאָג. אַפילע אין ניאָמען, וואָס איז שוין ניט געווען אין געטאָ, האָט דער יודן־ראַט ניט פאַרגעסן (ווייזט אויס געגומען געלט באַ אַן אַנדערן און אָנשטאָט יענעם אים אריינגעשטעלט). שכיינים און באַקאַנטע קומען אריין, זאָגן אַפילע קיין גוט־אָוונט ניט, שטעלן זיך מיט אַ טרויעריקער מינע אין אַ ווינקל און מען פרוּווט טרייסטן: איר אַרבעט דאָך, וואָס וויל דער יודן־ראַט פון אייך?

איך לויף אַוועק אַהין ווו איך אַרבעט בעטן די דייטשן זיי זאָלן אונטערשרייבן, אַז זיי דאַרפן מיר האָבן. אָבער איך טרעף קיינעם ניט. דער טאַטע אַף זיין אַרבעטס־פּלאַץ טרעפט יאָ דעם דייטש און ער גיט אים





די עלטערן

אַ צעטל. איך לויף אין יודן־ראַט, שריי, אַז איך אַרבעט, בין אַ פאַכמאַן. אָבער, אַזויפיל מענטשן, אַלע שרייען, יעדער מיט טענות. אַלע צימערן זיינען פול, אידישע פּאָליציי לאָזט ניט אַריין, מען שטופּט זיך. עס העלפט אָבער גאָרניט. דער ענטפער איז: אפן אָרט וועט מען זען, מען מוז זיך צושטעלן.

איך קום צוריק אין שטוב. מ׳גיט אונדז אייצעס זיך ניט צוצושטעלן.

# חורבן ביאַליסטאָק

אַבער, ווי קען מען דאָס, ווען די פאַמיליע ווערט שוין אויסגעמעקט פון עקזיסטענץ אין געטאָ און ווען פּאָליציי כאַפּט, זעצט זי איין און שטעלט אַלץ איינס צו צום טראַנספּאָרט. מיר פּאַקן איין וואָס מ'קען. אַ סאַך זאַכן מוז מען איבערלאָזן, עס איז אַפילו ניטאָ ווען צו פאַרקויפן אין אַזאַ מאָמענט.

אפן גאַס איז אַ שטאַרקער פראָסט און ס'פאַלט אַ דראָבנע שנייעלע. צום לעצטן מאָל גוט איינגעהייצט די שטוב, אַלציינס דאַרף מען איבער־לאָזן דאָס האַלץ. דער טאַטע זיצט אַ שווייגנדיקער לעבן אויוון און וואַ־רעמט זיך, הוסט זייער אָפּט, ווי שטענדיק. רייצעלע, צוגעטוליעט צו דער מאַמען אפן ליידיקן בעט, אָן בעטגעוואַנט, קוקט אַף מיר, זוכט אַ רעטונג. די מאַמע דערמאָנט מיר: „האָסט אריינגעלייגט ניאָמעס אָנצוג?" דאָס איינציקע וואָס איז איר געבליבן פון ניאָמען. אין די שווערסטע הונגער טעג האָט זי מיר אים ניט געלאָזט פאַרקויפן און פלעגט זאָגן: ווען ער וועט קומען, זאָל ער כאָטש האָבן וואָס אָנצוטאָן...

דער זייגער קלינגט אויס יעדע שאָ שטאַרקער ווי שטענדיק, ווייל ס'איז שטיל אין שטוב. מען קוקט זיך נאָר איבער. איצטריידן די ווענט, אַזוי לאַנג לאַנג געווען צוזאַמען און איצט...

דער זייגער שלאָגט אויס 5. ס'איז נאָך פינצטער אפן גאָס. אַלע הויבן מיר זיך אויף. די שכיינים געזעגענענדיק זיך לאָזן אַ טרער, מען טרייסט אונדז דערמיט וואָס מ'ווייסט ניט ווער גייט מאָרגן. די וואָס פירן אונדז צו נעמען די פּעקלעך און מיר, אויפגעדרייט, פאַרביטערט, פאַרלאָזן די שטוב. עס בלייבט דאָס מעבל און פיל זאַכן. די בילדער אַף די ווענט וועלן איידעס זאָגן, אַז דאָ האָבן געוואוינט מענטשן...

אפן גאַס גייען נאָך מענטשן מיט פּעק, מען דערקענט ניט ווער, אַלע אויפגעדרייט, קרעכצנדיק, עס סקריפּען נאָר די טריט אפן שניי. מיר קומען צו צו פאַבריטשנע גאַס. עס שטייען אידישע פּאָליציי־לייט וואָס לאָזן נאָר אריין די וואָס מ'האָט גערופן, די אַנדערע טרייבן זיי מיט שטעקנס. אַ פּאָליציאַנט נעמט באַ אונדז צו דעם צעטל און ווייזט אונדז דעם אָרט וווּ מיר דאַרפן שטיין. די פּעק שטעלן מיר אַף דער ערד. אַף גאַנץ פאַבריטשנע זיינען אויסגעשטעלט מענטשן פאַרשאָטענע מיט שניי, קלאַפּן אַ פוס אין אַ פוס. אַלטע מיט גרויע בערד, קראַנקע, און אויך זויג־קינדער. מ'הערט

# פראַלקע קאַט

קרעכצערייען פון אידענעס, טילים־זאָגן פון אַלטע אידן און בארויקנדיקע צערטל־ווערטער פון מוטערס צו קליינע קינדער. דאָס ווערט אַלץ אויס־געמישט מיט די קלעפּ און געשרייען פון די דייטשן.

עס עפנט זיך דער טויער און עס פאָרן אריין די אויטאָס. מ׳זאָגט, אז דאָס האָט דער יודן־ראַט אויסגעפּויעלט, אז מען זאָל פירן מיט אויטאָס און ניט יאָגן צו פוס (די גרויסע טויווע פאַרוואָס מ׳האָט באַצאָלט מיט פיל געלט און גוטס!). די דייטשן צוזאַמען מיט א פאָרשטייער פון יודן־ראַט נעמען זיך קאָנטראָלירן די ליסטעס. מענטשן בעטן זיך באַם דייטש, ווייזן צעטלען און אונטערשריפטן ווו מען אַרבעט און, אז מען איז נויטיק באַ דער אַרבעט. אָבער נאָר אפן ווונק פון דעם יודן־ראַט מענטש לאָזט דער דייטש אָפּ,די איבעריקע וואַרפט מען ארויף אפן אויטאָ. דייטשן שלאָגן צו בעיים מאַיסע, אָז דעם גייט קיינמאָל ניט!... מען קומט צו צו מיר. איך מיטן טאַטן מיט בייבען שטייען; אונטער אונדז, אַף די פּעק, זיצן די מאַמע און רייצעלע. דער טאַטע ווייזט זיין צעטל, בעט זיך, איך ווייז מיינעם און רייך גאָרניט. ווי קען מען דען זיך בעטן באַ א באַנדיט?! די מאַמע הויבט אָן וויינען און קוקנדיק אַף איר וויינט רייצעלע אויך. זעענדיק די סצענע און דעם מישמאַש וואָס איז דאָ אַרום, ווי דאָ לאָזט מען מענטשן אַהיים און דאָרט וואַרפט מען זיי אין די אויטאָס, כאַפּ איך די פּעק זאַכן און זאָג צו בייבען: וואַרט ניט אַף דעם באַשלוס פון דייטש, גיב אַ נעם די פּעק און לויף אַראָפּ פון פּלאַץ. אַנטקעגן האָט געוואוינט מיינער אַ כאַווער, האָב איך צו אים אַריינגעוואָרפן די זאַכן און מיט דער פאַמיליע דורך הינטערגעסלעך און הויפן אַוועק אַהיים. אַלע פרייען זיך: צוריק מיט די פיר ווענט, דער טאַטע באַם אויוון, די אַנדערע — אַף די ליידיקע בעטן, וואָס זיינען איצט אַזוי ליב...

אַלע איבעריקע אידן, אויסער קליינע אויסנאַמען, ווערן אַרויפגע־וואָרפן אַף די אויטאָס און פאָרן אַפּ אפן וועג קיין פּרוזשענע, איבערלאָ־זנדיק אַ סאַך פּעק. (שיפרע מיט דער מומען זיינען אויך אַרויסגעפירט געוואָרן). פאַר פּרוזשענע גייט מען דורך אַ קאָנטראָל. לעבן אַ קליין שטיבל שטעלן זיך אָפּ די אויטאָס. מ׳הייסט די אידן אַראָפּגיין און איינציקווייז לאָזט מען אריין אין שטוב. דייטשן טוען אויס מוטער נאַקעט, נעמען צו

# חורבן ביאַליסטאָק

וואָס עס געפעלט זיי, מען שלאָגט נאַקערטערהייט, אויך פרויען, און מען פירט אריין קיין פרוזשענע באַראַבעוועט און צעשלאָגענע.

אין שטעטל טרעפן זיי ווינציק אידן, דער פויערישער באַפעלקערונג האָט דער דייטש איינגאַנצן ארויסגעפירט, קעדיי די פאַרטיזאַנער פון ביאַלאָוויעזשער וואַלד זאָלן ניט האָבן פונוואַנען צו נעמען קיין דערנער־רונג. די אידן פאַרנעמען די דאָזיקע דירעס, אָבער מיט וואָס זיך צו פאַר־נעמען און פון וואָס צו לעבן האָבן זיי ניט, זוכן זיי דורך פאַרשידענע וועגן זיך צוריקערן. א סאך פון זיי כאַפּט מען און מען אַרעסטירט. די וואָס דערקריגן זיך צוריק אין געטאָ פון ביאַליסטאָק קומען מיט אָפּגעפרוירענע פיס און אַנדערע אייוורים, זיי האָבן אַפילע ניט ווּ צו וואוינען, ווייל די דירעס זייערע זיינען שוין פאַרנומען. זיי מוזן זיך היטן ניט צו זאָגן, אַז זיי קומען פון פרוזשענע, בייטן זיי זייערע פאַמיליען נעמען און זאָגן, אַז זיי קומען פון אַנדערע ערטער.

דאָס ארויספירן קיין פרוזשענע דויערט דריי וואָכן און עס ווערן ארויסגעשיקט אריבער 8.000 מענטשן. צום סאָף שאַפט זיך א שטאַרקע דעמאָראַליזאַציע, מען גיט זיך רעכנונג, אַז דער יודן־ראַט נעמט נאָר מענטשן פון דער אָרעמער באַפעלקערונג און אַרבעטער, וואָס האָבן ניט קיין געלט אונטערצוקויפן אָדער פּראָטעקציע, האָט מען זיך אויפגעהערט צוצושטעלן. ביז אין א שיינעם פרימאָרגן איז די ארויסשיקונג אָפּגעשטעלט געוואָרן. געזאָגט האָט מען, אַז דער יודן־ראַט האָט אונטערגעקויפט, אינ־דערעמעסן איז דאָס געווען א רעזולטאַט פון דער דעמאָראַליזאַציע און, ווייל מ׳האָט שוין געהאַט ארויסגעפירט א גענוגנדיקע צאָל.

נאָך דער אַרויסשיקונג ווערט פאַרקלענערט דער געטאָ, מען נעמט צו עטלעכע גאַסן (א העלפט פאָלנע, א טייל יאַטקע־גאַס און א טייל זשי־דאָווסקע), די אידן זאָלן כאַסוועכאָלילע ניט וואוינען צו גערוים. עס פאַר־שטאַרקט זיך ווידער דער געדאַנק, וואָס עס פאַרשפּרייט דער יודן־ראַט, אַז מען דאַרף אַרבעטן, וואָס מער אַרבעטן, וועט מען זיך אָפּראַטעווען פון א נייער גזיירע.

## פראַלקע קאַט

# די ערשטע אַרבעט פון דער אונטערערדישער אָרגאַני־זאַציע

ס׳איז אָבער דאָ אַ קלײנער טײל אין געטאָ, מערסטנס די יוגנט, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין רעוואָלוציאָנערן גײסט און וואָס זאָגט אַנדערש: געראַטעוועט קען מען ווערן, ווען מיר וועלן זיך קעגנשטעלן, ווען מיר וועלן גײן אין וואַלד קעמפן צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע וואָס קעמפן קעגן דײטש. דאָס איז אַ שווערער וועג, אָבער אַ בעקאַוועדיקער און מער זיכע־רער, אַ מער מענטשלעכער, וואָס שטעלט אונדז אָפּ אײן שטאַפּל מיט אַלע קעמפנדיקע פעלקער.

דאָס האָט נאָר פאַרשטאַנען די קאָמוניסטישע יוגנט און טײלן פון האַשומער האַצאיר. צוזאַמען האָבן זײ זיך פאַרײניקט אין קריטישסטן מאָמענט פאַרן פאָלק,צו קעמפן קעגן סוינע; ניט דורך אַרבעט וואָס העלפט אים נאָר צו אויסבעטלען דאָס לעבן, נאָר מיט געווער אין האַנט עס פאַרטײדיקן!

עס זײנען אויך געווען מענטשן פון אַנדערע ריכטונגען, אָבער ניט ווי אַן אָרגאַניזאַציע אַלס גאַנצע. זײ זײנען געקומען פּריוואַט, מיט דער רעקאָמענדאַציע פון באַקאַנטע וועלכע האָבן גאַראַנטירט, אַז דער מענטש וועט ניט פאַראַטן. ווער עס פאַראַט, דער ווערט דערשאָסן דורך די אײגענע כאַווײרים. פון אָנהויב זײנען די כאַווײרים וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער אָרגאַניזאַציע געווען מיליטעריש ווײניק אויסגעשולט און פיל ניט געדינטע אין מיליטער. דאָס איז די גרעסטע טראַגעדיע פונעם אידישן פאָלק, וואָס מ׳פלעגט שטענדיק קוקן אויף מיליטערישער אויסשולונג ווי אויף אַ גזײרע; ווער עס האָט זיך געקענט אויסדרײען פון גײן דינען, פלעגט דאָס טאָן. איצט האָבן דאָס די מענטשן געפילט. דערפאַר איז אָבער געווען בײ די כאַווײרים אַ געזונטער גײסט און די איבערצײגונג, אַז קײן אַנדער וועג איז פאַר אונדז ניטאָ.

ווו נעמט מען געווער? און ווי אָרגאַניזירט מען דאָס? דאָס זײנען פאַר אונדז געווען די שווערסטע פראַגן. אַרום ביאַליסטאָק זײנען די וועל־דער קלײנע, וועגן פּאַרטיזאַנער הערט מען ניט און קײן קאָנטאַקט מיט

## חורבן ביאַליסטאָק

זיי קען מען ניט קריגן. באַשליסט די אָרגאַניזאַציע שאַפן אַף אייגענער האַנט אַ פּאַרטיזאַנקע און ארויסשיקן די ערשטע כאַווירים מאַכן אַ פּרוּוו. שטופנווייז פאַרגרעסערט זיך אונדזער צאָל און מיר צעטיילן דעם געטאָ אין ראַיאָנען און אין יעדן ראַיאָן ווערט געשאַפן אַ גרופּע, פון וועלכער נאָר אַ פאַרשטייער טרעפט זיך מיט אַ פאָרשטייער פון אַ צווייטער גרופּע. מיר שאַפן אַ ראַדיאָ און גיבן איבער אַף קליינע זיצונגען די פּאָליטישע נייעס. אָבער די דייטשן גייען נאָך אַלץ פאָרויס, קיין איין שטראַל פון האָפענונג איז דערוויל ניטאָ.

עס ווערן אָנגענומען די גרעסטע קאָנספּיראַטיווע מיטלען, צוליב מוירע פאַרן יודן־ראַט, וועלכער אַרעסטירט אַזוינע מענטשן אַלס אַזעלכע וואָס „ברענגען שאָדן די אידן אין געטאָ". אפילו בייבע (מיין ברודער), וואָס האָט אויך געהערט צו דער אָרגאַניזאַציע, האָט מיר גאָרניט געזאָגט אַ שטיק צייט. ערשט פאַר מיין ארויסגיין אין אַ פּאַרטיזאַנקע האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער ווייסט, אַז איך דאַרף אינגיכן ארויסגיין. אַזוי שטאַרק האָט מען זיך געדאַרפט היטן.

אַף יעדער מיטגליד איז ארויפגעלייגט געוואָרן די פליכט אָפּצוגאָנ־ווענען נויטיקע טיילן פון ביקסן פון פּלאַץ ווו ער אַרבעט. אַזוי גאָנווע איך אָפּ פון פּלאַץ ווו איך אַרבעט פאַרשידענע טיילן פון ביקסן, באַהאַלט עס און ביסלעכווייז טראָג איך עס אַריין אין געטאָ. און אַזוי אַלע כאַווי־רים לויט זייערע מעגלעכקייטן (ווען מען כאַפּט וועמען פון אונדז באַקומט ער, נאַטירלעך, טויט־שטראָף). אין געטאָ ווערן די טיילן צוזאַמענגעשטעלט די וואָס אַרבעטן אין געטאָ אין דער שלאָסעריי אונטער דער אָנפירונג פון כאַווער פּאַרבער, פון אונדזער אָרגאַניזאַציע, מאַכן אין געהיים גראַנאַטן און טראָגן ארוים פון פּאַבריק צו דער אָרגאַניזאַציע. אַף אַזאַ אויפן ווערט אַלץ צוגעגרייט. מיינער אַ כאַווער, מאַטל טשערעמאַשנע, אַרבעט אין געסטאַפּאָ; פּאַסט ער צו אַ שליסל צו דער טיר ווו עס שטייט דאָס געווער, גאַנוועט ארוים צוויי ביקסן און דורך דעם פּאַרקאַן גיט ער עס איבער זיין פרוי מיט וועמען ער האָט שוין פון פריער געהאַט אָפּגערעדט. יעדער מיט־גליד שטעלט איין דאָס לעבן אַף אַלע הונדערט פּראָצענט די מינדעסטע זאַך צו טאָן. באַ אַזוינע באַדינגונגען אַרבעט די יוגנט, אַ קליינער טייל אַפילע, נאָר די רעוואָלוציאָנערע יוגנט. מיידלעך העלפן אויך צו. מיידלעך

# פראָלקע קאַט

וואָס אַרבעטן באַ דייטשן גאַנוועגען אַפּ באַנדאַזשן, רעפּועס. אַלץ ווערט צוגעגרייט באַ די גרעסטע ריזיקעס, זיך היטנדיק פאַרן יודן־ראַט, פאַר דער אידישער פּאָליציי און פאַר אידישע שפּיאָנען, וואָס האָבן אויך ניט געפעלט.

אונדזער געדאַנק איז נאָך געווען פרעמד פאַר פיל אידן. גיכער האָט זיך זיי געקלעפּט דער געדאַנק פון יודן־ראַט וועגן אַרבעטן און געווינען צייט, כאָטש מען האָט דאָך באַשיינפּערלעך געזען ווי מען רייסט לעבע־דיקע שטיקער פון געטאָ און עס פעלן שוין טויזנטער אידן פון ביאַליסטאָק, וואָס מען ווייסט אַפּילע ניט ווי זיי קומען אום. דער יודן־ראַט רעדט אַלץ איין, אז ס'איז גאָרניט, אז מ'וועט איבערקומען. זיי, די מיטגלידער פון יודן־ראַט, באַרויבן די אידן פון געטאָ, לעבן פון רויב אַ גוטן טאָג און עס גלוסט זיך זיי ניט צו קעמפן; זיי קלערן מיט יענעמס טויט צו ראַטעווען זייער לעבן. אָבער די אָרגאַניזאַציע דערציט די כאַווײרים און מאַכט ביסלעכווייז די פּראָפּאַגאַנדע פון יודן־ראַט צו נישט.

עס קומען שוין פאָר די פאַרניכטונגען און צעשיסונגען אין סלאָנים, באַראַנאָוויטש, וואָלקאָוויסק. אידן קומען צו לויפן פון גריבער ווו מען האָט באַגראָבן לעבעדיקערהייט גאַנצע שטעט (די דייטשן האָבן אַפּילע גע־זשאַלעוועט אן איבעריקע קויל פאַר אידן). מיר גלויבן די מענטשן וואָס קומען און דערציילן, אָבער דער יודן־ראַט קאָרמעט דעם געטאָ אַלץ מיט די זעלבע מאַיסעס ס'איז אַ ליגן, זאָגט ער, מירן בלייבן לעבן, מ'דאַרף נאָר אַר־בעטן, וואָס מער אַרבעטן, די וואָס אַרבעטן טשעפּעט מען ניט.

צו די „קליינע" אויסמאָרדונגען פון טויזנטער אידן וואָס קומען פאָר אין ביאַליסטאָק קען די אָרגאַניזאַציע נאָך גאָרניט טאָן; זי איז נאָך זייער יונג און האָט ניט קיין „פּלייצעס" באַ די פירער, וואָס קענען זיך עפּעס דערוויסן. עס ווערט אַרעסטירט אונדזערער אַ כאַווער, יאַשקע, וועמען מיר העלפן אַנטלויפן פון קאָנצענטראַציע לאַגער און, ווען ער דערציילט אונדז אַלץ וואָס עס קומט פאָר, באַשליסן מיר צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד ווען עס וועט קומען צו אַ צעשיסונג פון ביאַליסטאָקער געטאָ. צו דעם איז די גאַנצע צוגרייטונג.

די הילף פון דער פּוילישער גאַס איז אַ מינימאַלע, קימאַט ווי גאָרניט. די פּאָליאַקן סאָציאַליסטן שווייגן, טוען גאָרניט; די נאַציאָנאַליסטן זיינען

## חורבן ביאַליסטאָק

קעגן אידן און העלפן דעם דייטש. די אונטערשטיצונג איז נאָר דאָ פון די רוסן וואָס זיינען געבליבן אפן אָרט, ניט באַוויזנדיק אַריבערצוגיין אין ראַטנפאַרבאַנד און פון פּ. פּ. ר. (פּאָלסקאַ פּאַרטיאַ ראַבאָטניטשאַ), דאָס איז די פּוילישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי. אָבער איר צאָל איז זייער אַ קליינע און יעדער איינער האָט זיך געמוזט שטאַרק היטן, ווייל בלויז פאַר טרעפן אַ אידן באַ אַ פּאָליאַק, פּלעגט מען שיסן דעם אידן און די גאַנצע פאַמיליע ווו מ׳האָט אים געטראָפן.

## ניי יאָר אין געטאָ

אין געטאָ גייט ניט דורך קיין וואָך, אז עס זאָל זיין רויק, אָן געוויסע כאַפּונגען. אָבער, ביז דער גרויסער פאַרניכטונג, ווען מ׳האָט שוין גע־טראָטן מיט די אייגענע פיס אף עלטערן, ברידער און שוועסטער און מ׳האָט זיי מיט אייגענע הענט צונויפגעקליבן פון די גאַסן אין ברידער־קוואָרים, ביז דער צייט הייסט אף דער געטאָ־שפּראַך, אז דאָס לעבן גייט אָן „נאָרמאַל” און עס געשעט גאָרניט, אפילע ווען דער געסטאַפּאָ פירער פרידעל פאָדערט אויפצוהענגען דריי אידן.

אינדערפרי גייען אַלע צו דער אַרבעט מיט דער איינציקער זאָרג פון עפּעס קויפן און קענען אַריינטראָגן צוריקגייענדיק פון דער אַרבעט. אָבער, ווען מ׳קומט צוריק שרעקט זיך עפּעס יעדערער: קיינער איז ניטאָ באַם טויער, קיינער וואַרט ניט אָפּ, די דייטשן באַזוכן ניט, ניטאָ קיין רייע אויסערן טויער, וואָס קען דאָס זיין? ווייטער אַ נייעס, ריכטיק צו ניי־יאָר, צו דער סילוועסטער־נאַכט? שוין לאַנג שטיל געווען!

אַריינגייענדיק זעט מען קיין לעבעדיקן אידן ניט, שטיל אפן גאַס, עס פאַלט אָן אַן איימע אף דער נעשאָמע, די לופט שטיקט. וואָס איז ווייטער געשען, פרעג איך אַ אידן וואָס איך טרעף סאַפּקאָלסאָף אָן גייענ־דיק פאַרטרויערט. מען הענגט היינט דריי אידן אין געטאָ — איז זיין ענטפער. איך גיי ווייטער און זע: יאָ, ס׳איז עמעס, מען בויט שוין אַ טליע אנטקעגן דעם יודן־ראַט, אף קופּיעצקע גאַס. ס׳איז שטיל אין די גאַסן. מען הערט נאָר דאָס קלאַפּן פון די האַמערס, וואָס בויען די טליע. אַ גוטער אָנהויב צום נייעם יאָר 1942!

# פּראָלקע קאָט

פאַרוואָס הענגט מען די אידן און וועלכע אידן הענגט מען? שטעלט זיך מיר די פראַגע, אַף וועלכער איך דערוויס זיך שפּעטער דעם ענטפער.

עס זיינען געווען אַ סאַך אַרבעטס־פּלעצער ווו מען פלעגט שטאַרק שלאָגן דעם טאָג וואָס מען פלעגט דאָרט אַרבעטן. און דערצו האָט מען נאָר גאָרניט געקענט קויפן באַ דער אַרבעט אַף אַריינצוטראָגן אין געטאָ, קעדיי מען זאָל כאָטש קענען פאַרדינען אַף אַ שטיקל ברויט. אַף אַזוינע פּלעצער האָט אַ מענטש לאַנג ניט געקענט אַרבעטן. אָבער אידן צו דער אַרבעט מוזן קומען און דער יודן־ראַט מוז יעדן טאָג צושטעלן די נויטיקע צאָל. פלעגט דער אַרבעט־אַמט באַשטימען פון די מענטשן וואָס אַרבעטן אין די פאַבריק פון געטאָ צו גיין אַרבעטן איין טאָג אין וואָך אַף אַזאַ פּלאַץ. ווייל די אַרבעט אין געטאָ האָט זיך פאַררעכנט ווי לייכטערע אַרבעט, זיי האָבן געאַרבעט אָן דער האַשגאָכע פון דייטש, נאָר פון אידישע אויפזעער. אָבער די רייכערע אידן האָבן אַפילע איין טאָג אין וואָך ניט געוואָלט גיין אַרבעטן באַם דייטש אויסערן געטאָ. איז זיי געווען דערלויבט צו דינגען אַ מענטש אַף זיין נאָמען (אַזאַ מענטש האָט מען אַ נאָמען געגעבן „אַ מאַלעד”). אַזאַ מאַלעד פלעגט קאָסטן 5 אָדער 10 מאַרק פאַרן טאָג אַרבעט, אויסגערעכנט לויט דער צאָל קלעפּ וואָס ער האָט געדאַרפט באַקומען אפן אַרבעט־פּלאַץ. פאַר 5 מאַרק פלעגט ער באַקומען אַ לעבל ברויט אין געטאָ. דאָס איז אָבער געווען ווינציק פאַר א פאַמיליע־מענטש, פלעגט מען באַ דער אַרבעט עפּעס נעמען (גאַנווענען), אויב מ׳האָט געקענט. אַף אַזאַ פּלאַץ, אַלס „מאַלעד”, זיינען אַוועק אַרבעטן די דריי מענטשן אין דער אָלעאַרניע (בוימל־פאַבריק), וואָס איז פריער געווען א אידישע און איצט א דייטשע. ריכטיק א פּאָר טעג פאַר ניי־יאָר איז פאָרגעקומען א באַלאַנס און ס׳האָט געפעלט געלט אין פאַבריק. האָט מען געוואָלט אַרעסטירן דעם דייטשישן דירעקטאָר. דער דירעקטאָר ווייסנדיק, אַז די אַרבעטער נעמען אביסל יאָנדרעס (קערלעך) אין קעשענע ווען זיי גייען אַוועק פון דער אַרבעט, וואָס ס׳האָט ווירקלעך ניט קיין באַדייטונג צום דעפיציט, איז ער געפאַלן אַף אַן אייצע ווי זיך אַרויסצודרייען, אַרויפוואַרפנדיק די שולד פונעם דעפיציט אַף די אידן. ער האָט גערופן די געסטאַפּאָ וועלכער ער האָט געהייסן באַזוכן די אידן פאַרן אוועקגיין און, פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן געפונען באַ יעדן איינעם אין קעשענע עטלעכע קערלעך. מען האָט

# חורבן ביאַליסטאָק

זיי באַלד אַרעסטירט, געבראַכט אין געטאָ און באַשולדיקט, אַז זיי האָבן דאָס דערפירט צום דעפיציט אין דער פאַבריק.

דריי יונגע באַכערים האָבן זיי באַשטימט צו הענגען ריכטיק אין סילוועסטער־נאַכט, אַ מאַטאַנע צו ניי־יאָר 1942, אַנטקעגן דעם יודן־ראַט. די אידישע פּאָליציי האָט זיי געדאַרפט אויפהענגען. די איבעריקע זיבן אידן וואָס האָבן געאַרבעט אין דער זעלבער פאַבריק האָבן געדאַרפט שטיין און צוקוקן. זיי האָבן נישט געוווּסט, אַז זיי הענגט מען ניט. זיי האָבן אויך געוואַרט אַף דעם.

די יונגע אומשולדיקע קאָרבאָנעס זיינען געהאַנגען דריי שאָ. קיינער איז ניט אַרויס פון שטוב. די גאַס איז געווען פּוסט. אַלע זיצן און ריידן וועגן דעם. די פאַמיליעס פון די געפאַנגענע שטיקן אין זיך דעם ווייטיק. מען טאָר ניט שרייען און, צו וועמען שרייען?, ווען באַלד אַף מאָרגן, דעם ערשטן טאָג פון ניי־יאָר איז שוין די געטאָ איינגעוויקלט אין אַ נייעם טרויער: אַן אומשולדיקע יונגע פרוי, ניט לאַנג נאָך דער חתונה, איז דערשאָסן געוואָרן פון אַ דייטש וועלכער האָט צו איר אַריינגעשאָסן דורכן פענצטער.

איינס יאָגט דאָס צווייטע, ניטאָ קיין צייט זיך אַרומצוקוקן אַף איין געשעעניש ווי עס קומט שוין אונטער אַ צווייטע און, וואָס ווייטער, אַלץ גרעסער איז די צאָל קאָרבאָנעס.

## גזיירע וואָלקאָוויסק

דער געסטאַפּאָ פּירער פרידעל, רוט ווייטער ניט. אַ קורצע צייט נאָך ניי־יאָר פאָדערט ער אַרויסצוגעבן 300 פרויען אַף שווערע אַרבעט אין קאָנצענטראַציע לאַגער פון וואָלקאָוויסק. דאָס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס מען פאָדערט ספּעציעל פרויען אַף שווערער אַרבעט. פריער פלעגט מען זאָגן, אַז די פרויען איז „גוט", ווייל ווו אַ כאַפּונג, ווו אַ שיסונג זיינען אַלץ געווען מענער, מיידלעך פלעגן אַרבעטן באַ דייטשן און אויסהאַלטן די פאַמיליעס. זיי פלעגט מען גיכער דורכלאָזן באַם טויער ניט רעווידירנ־דיק. אָבער איצט איז שוין קיין אומפּראָדוקטיווע מענטשן אַף אַרויסצושיקן

# טראַלקע קאַט

ניט געווען. אזא טערעץ האָבן די דייטשן שוין ניט געהאט. האָבן זיי זיך גענומען צו די פרויען.

דער יודן־ראט, ווי די טעווע איז, זעט צו דערפילן דעם באפעל. מען באַשטימט ארויסצוגעבן פון יעדער פאבריק צען פראצענט מיידלעך אדער פרויען וואס האָבן ניט קיין קינדער. מען מאכט א גורל, אבער פארשטייט זיך, דער גורל ווערט געמאכט אזוי, אז עס פאלן בלויז אריין די וואס האָבן ניט קיין געלט צו געבן די מענטשן וואס מאכן געשעפטן מיט אידיש בלוט אין די טרויעריקסטע טעג פון געטא.

די באַשטימטע שטעלן זיך פרייוויליק ניט צו. פארשטייט זיך, ווער וויל דען גיין אין קאנצענטראציע לאגער ניט ווּיסנדיק צי מען קומט נאך



ר ײ צ ע ל ע

צוריק? אלע מיידלעך און פרויען באהאלטן זיך אוים, זיי שלאָפן ניט אין שטוב, מען בויט פאר זיי קעלערן ווּ צו שלאָפן באנאכט. אידישע פאליציי צאמט ארום גאנצע גאסן און מאכט הויז־זוכונגען. מען שלעפט ארויס מיידלעך פון אונטער די בעטן, פון די בוידעמער און מ׳פירט זיי אוועק אין דער טורמע פון יודן־ראט. עס קומען פאר געשלעגן צווישן פרויען און דער אידישער פאליציי. אַף קופּיעצקע גאס רינגלט מען ארום די פאבריקן און מען נעמט מיידלעך פון דער ארבעט. מיידלעך טאנצן דורך די פענ־צטער און הינטער־טירן, אזוי טומלט זיך אזעלכע דריי וואכן. אייניקע

# קורבן ביאַליסטאָק

פרויען קויפט מען אויס פון דער טורמע. דאָס ברענגט אריין א שטאַרקע אויפרעגונג בא אַלעמען. מוטערס מאַכן אַ דעמאָנסטראַציע באַם יודן־ראַט פאָדערנדיק, אַז מען זאָל באַפרייען זייערע טעכטער, אָבער אָן אַ רעזולטאַט.

אונדזער פאַמיליע מיידט קיין זאַך ניט אויס. אונדזער קליין שוועס־טערל רייצעלע, 14 יאָר אַלט, וואָס הויבט נאָך ערשט אריינגיין אין דער וועלט און וואָלט אין אַ נאָרמאַלער צייט געדאַרפט געניסן פון לעבן, האָרעוועט שוין שווער און איצט מוז זי זיך נאָך אויסבאַהאַלטן באַנאַכט אינעם קעלער, וואָס איך האָב געמאַכט פאַר איר. בא יעדער ריר מיט דער טיר אָדער אַבלאָווע אַף מיידלעך, ווערט זי בלאַס און קוקט אַף מיר מיט אירע שוואַרצע אויגן וואָס זאָגן: איך בין יונג און וויל לעבן, סראַלקע טייערער, ראַטעווע! איך שווייג אין אַזעלכע פאַלן — וואָס קען איך איר דען זאָגן? — און מייד אויס צו קוקן, אָבער די יונגע אויגן, פול מיט לעבן, ריידן צו מיר אַן ווערטער און מאָנען. אַזאַ געפיל בלייבט אין זיקאָרן און מוטשעט דיר ווען דו דערמאָנסט זיך. זעסט שטענדיק פאַר זיך יענע אויגן... ס'איז שוין לייכטער צו זען טויטע, אפילע אייגענע טויטע, איידער זיין א הילפלאָזער „באַשיצער" פון איינער וואָס קוקט דיר נאָר אָן און שווייגט. ס'איז מיר אומעגלעך איבערצוגעבן אַט די דאָזיקע געפילן פון פייניקונג.

עס קומט דער טאָג פון ארויספירן די אָנגעכאַפּטע פרויען. מ'ברענגט פורן, פּאָליציי פירט ארויס די מיידלעך פון טורמע און זעצט זיי ארויף אַף די פורן. צעשויבערט די האָר, שמוציק פון טעג ניט געוואַשן, איבער־געשראָקענע און צעקרענקטע מיט זייער מאַזל, באַרויקן זיי נאָך די מוטערס וואָס לויפן נאָך די פורן מיט אויסגעצויגענע הענט, שרייען און וויינען. עס קומען פאַר פיינלעכע סצענעס. אייניקע מיידלעך טאַנצן אַראָפּ פון די פורן און לאָזן זיך לויפן, די פּאָליציי יאָגט זיי נאָך, כאַפּט און שטופּט ארויף מיט געוואַלד צוריק אַפן פור; דאָס מיידל ראַנגלט זיך אַף דער ערד, די מוטער וואַרפט זיך אין ספּאַזמען צו די מערדער. אַלע פילן מיט דעם ווייטיק פון די פרויען.

ביזן טויער פון געטאָ האָבן נאָך די מוטערס געקענט באַגלייטן זייערע קינדער, ווייטער אָבער ניט. צוויי דייטשן מיט געווער אין די הענט עפענען דעם טויער און לאָזן ארויס די פורן. אין געטאָ בלייבט אַלץ ווייטער ווי

געווען. יעדערער האָט זיך מיט זיין צאָרע (רייצעלען איז געלונגען אויס־באהאלטן און זי איז געבליבן אין שטוב).

עס גייען אָוועק א פּאָר מאַנאַטן און די מוטערס פאָדערן, אז מ'זאָל בייטן די וואָס מ'האָט געשיקט אַף ארבעט, אזוי ווי דער יודן־ראָט האָט געהאַט צוגעזאָגט אז ער וועט טאָן. די מוטערס מאַכן א דעמאַנסטראַציע, פּראָטעסטירן, פּאָליציי צעטרייבט און צעשלאָגן נאָך ביז בלוט די מאַני־פעסטאַנטן. ווייטערדיקע כאַפּונגען מאַכן פאַרגעסן די פריערדיקע פאָדע־רונגען. מען דאַרף זיך ווייטער אויסבאַהאַלטן.

## אָסאָוויעץ

נאָך ניין אינאָוונט, ווען מען דאַרף שוין גיין שלאָפן, ווייל עס איז פּאָליציי־שאָ, הויבט זיך ערשט אָן דאָס באַנאַכטיקע לעבן פון געטאָ ווי נאָר עס ווערט אַלץ איינגעשטילט רוקן זיך ארויס מענטשן פון די הייזער און נעמען ברעכן פּלויטן אַף האָלץ אין קיך אריין, אפילע טרעפּ ווערן פארפאלן איבער נאַכט, ווען מ'היט זיי ניט אָפּ... נאָך שפּעטער אין דער נאַכט גייט פּאָליציי איבער די הייזער ארויסשלעפּן מענטשן פון די בעטן און זיי אָפּשיקן אין געסטאַפּאָ: מען דאַרף האָבן הונדערטער מענטשן פארן קאָנצענטראַציע לאַגער אין אָסאָוויעץ.

מיך כאַפּט מען ניט, נאָר פון אַרבעטס־פּלאַץ שיקט מען מיך, ניט אין לאַגער, נאָר צו א דייטש מאָלן די וואוינונג זיינע. אַף צו פאָרן מיטן באַן דאַרף איך האָבן א ספּעציעלע דערלויבעניש מיט 20 אונטערשריפטן, וואָס דויערט א גאַנצן טאָג. אומעטום פירט מיך א דייטש. איך אַפּן ברוק און ער אַפּן טראָטואַר. אויך אַפּן באַן באַגלייט מיך א דייטש, אַליין טאָר איך ניט פאָרן. אַלע קוקן מיך אָן — איך ווייס ניט צי מיט באַדויערונג אָדער מיט עקל — אַזאַ זאַך: א איד מיט א לאַטע פאָרט אַפּן באַן!

קומענדיק אין אָסאָוויעץ צוזאַמען מיט נאָך א כאַווער, האָבן מיר ניט געוואוינט אין לאַגער, נאָר געאַרבעט באַ א דייטש אין זיין וואוינונג. דער לאַגער, ווו די ביאַליסטאָקער אידן האָבן געאַרבעט באַ די שווערסטע באַדינגונגען, איז געווען ניט ווייט פון מיר, די אידן האָבן געהאַט א סאַך

# כורבן ביאַליסטאָק

אויסצושטיין, איינשליסלעך פון די פּוילישע פּאַרשיקטע אין דעם זעלבן לאַגער.

נאָך דער אַרבעט בין איך געווען פריי און מיין איינציקער אינטערעס איז געווען צו גיין הערן ווי די רוסישע געפאַנגענע, וואָס זיינען אויך דאָרט געווען פלעגן אין אוונט זינגען רוסישע לידער פול מיט טרויער אָבער אויך מיט האָפענונג. ביז שפּעט אין דער נאַכט פלעג איך אויסהערן די לידער. ס'איז אַפילו געווען אביסל לייכטער ווי אין געטאָ. פּאָרט ניט געזען קיין בלוט און אַפילו די לאַטעס האָט מען מיר אַראָפּגענומען. אָבער, נאָך צוויי וואָכן האָט מען מיך צוריקגעבראַכט קיין ביאַליסטאָק איבערלאָזנדיק אין קאָנצענטראַציע לאַגער די איבעריקע אידן וואָס זיינען שוין ניט צוריקגעקומען.

# אַף אַרבעט קיין דייטשלאַנד

אין געטאָ איז שוין ניטאָ קיין זיכער פאַך. פריער פלעגט מען מעקאַנע זיין פאַכמענער, ווייל פאַכמענער האָט מען ניט געטשעפּעט. איצט פאָדערט מען שוין אויך פאַכמענער, וועלכע מען שלעפּט ארויס פון די בעטן און מ'פירט אוועק קיין דייטשלאַנד. די פּאָליציי איז קליגער געוואָרן: צו וואָס אַפּצאַמען באַטאַג גאַסן און זיך שלאָגן באַם כאַפּן מענטשן, אז אין דער רעגיסטראַציע ביוראָ באַקומט מען ליסטעס פון די פאַכמענער, מוליאַרעס, דרוקער א. א. וו. און מען קען זיי אַרויסשלעפּן אַז טומל באַנאַכט פון די בעטן? ס'איז שוין ניטאָ וווּ זיך אַהינצוטאָן, ניט באַטאָג און ניט באַנאַכט. מ'איז קיינמאָל ניט זיכער פון עפּעס אַ צאָרע, מ'לעבט אין איין שרעק פאַר יעדער סקריפּ פון אַ טיר אָדער לויף פון אַ מענטשן. געוויינלעך, אַז מען זאָל זען אַ מענטשן לויפן אָדער קלאַפּן באַנאַכט אין אַ טיר און יונגוואַרג לויפט שוין זיך באַהאַלטן אין קעלער אָדער אונטער די בעטן לאָזנדיק, אז די אַלטע מאַמע זאָל עפענען די טיר. אָבער שפּעטער נעמט מען אַרעסטירן די עלטערן ווען מ'געפינט ניט די קינדער.

אזוי הויבט זיך אָן דער ווינטער 1942-43.

## פּראַלקע קאָט

# די פאַרניכטונג אין דער פּראָווינץ אַרום ביאַליסטאָק

(די פאַרניכטונג פון ביאַליסטאָק)

אין געטאָ שטיקט די לופט אומבאַשרייבלעך. מען ברענגט פון ביעלסק אויטאָס מיט איבערגעבליבענע אידן, קלוימערשט פאַכמענער, די איבעריקע האָט מען אַרויסגעפירט קיין טרעבלינקע און אַ טייל דערשאָסן אױפן אָרט. די „גליקלעכע" וואָס מען ברענגט זיינען איינציקע פון מישפּאָכעס. זיי דערציילן וועגן דעם גאַנצן גוירל פון די געשעענישן. אומעטום מיט די זעלבע ראַפינירטע מיטלען און מיט דער מיטהילף פון אידן. אויך פון גראָדנע ברענגט מען אידן, דאָ דאַרף קלוימערשט זיין „די גליקלעכע געטאָ" וווּ זיי דאַרפן בלייבן.

אָבער, אַ געוויסן פרימאָרגן, ווען אין געטאָ הייבט זיך אָן דאָס „לעבן" מיטן אַרויסגיין צו דער אַרבעט אויסערן טויער און נייע געטאָ־אַרימעלייט — פרויען און קינדער — שטעלן זיך אַוועק אַף די ראָגן בוכען אין די געפרוירענע הענט און בעטן שעמעוודיק אַ נעדאָווע, ווערט די געטאָ אויפגעטרייסלט פון אַ נייער געשעעניש: די געטאָ איז אַרומגע־רינגלט פון געסטאַפּאָ, יעדע צען מעטער שטייען באַוואָפנטע דייטשן מיט אויטאָמאַטן און גראַנאַטן אין די הענט. מען לאָזט ניט אַרויס צו דער אַרבעט. עס פאַלט אָן אַן אימע, איינער פרעגט באַם צווייטן:

— שוין, ב־אַ־אַ א־ו־נ־ד־ז א־ו־ י־ך ? !

שווער צו אויסדריקן וואָס אַ מענטש קלערט אין אַזאַ מאָמענט און ווי ער פילט זיך. מען לויפט זיך דערוויסן וואָס עס פּאַסירט.

ענדלעך דערוויסט מען זיך, אַז דאָס ווערן אַלע אידן פון די אַרומיקע שטעטלעך אַרויסגעפירט. ביאַליסטאָקער פּראָווינץ ווערט יודנריין. ביאַ־ליסטאָק גופע טשעפּעט מען דערווייל ניט. מען אָטעמט אָפּ פרייער, כאָטש מיט ווייניק צוטרוי.

דער דייטש האָט צונויפגענומען באַ אַלע פּויערים די פערד און וועגנער, געקומען צו פאָרן אין די שטעטלעך באַנאַכט, אַרויסגעטריבן אַלע אידן פון די שטיבער, זיי אַרויפגעטריבן אַף די פורן, איבערלאָזנדיק אין די שטיבער אַלע זאַכן, און אָפּגעפירט אין די פּונקטן וווּ עס איז דאָ אַ באַן־סטאַנציע. אַ סאַך זיינען אויך געטריבן געוואָרן צופוס. ווער עס בלייבט

# כורבן ביאַליסטאָק

הינטערשטעליק ווערט דערשאָסן. דער גאַנצער וועג אַרום ביאַליסטאָק איז אין דער וואַך וואָס עס דויערט דאָס ארויספירן די אידן פון די שטעטלעך באַזייט מיט טויטע קערפּערס פון אַלטע פרויען און מענער.

אַ גרויסן טייל פון די צוזאַמענגעטריבענע האָט מען געבראַכט אין ביאַליסטאָקער אַמאָליקן 10־טן פּולק אולאַנער, אַריינגעוואָרפן זיי אין די פערד־שטאַלן, אַז פענצטער און אַז טירן. קליינע וויג־קינדער, פרויען און מענער האָט מען געהאַלטן אין פראָסט וואָכנלאַנג ביז עס זיינען אַנגעקומען וואַגאָנען און אַריינגעפּאַקט די וואָס זיינען פאַר דער צייט ניט אומגעקומען פון קעלט און הונגער און זיך אויסגעדרייט פון דערשאָסן ווערן, און אָפּגעפירט קיין טרעבלינקע. בלויז איינצלנע ווערן אויסגעקויפט דורכן יודן־ראַט, וועלכער גיט אָן, אַז זיי זיינען ביאַליסטאָקער. ווען בּאַראַש קומט מיטן אויטאָ און רופט אויס אַ געוויסן פאַמיליע־נאָמען רייסן זיך צו אים הונדערטער. ניט קיין וווּנדער, אַלע ווילן זיך ראַטעווען.

אַ געוויסן טייל פון די שטעטלשע אידן האָט זיך איינגעגעבן צו אַנט־לויפן בעייסן פירן אין וואַלד אַריין. די דעמאָלדיקע באַדינגונגען אין די וועלדער אַרום ביאַליסטאָק זיינען געווען זייער שווערע פאַר אַזוינע מענטשן אַז געווער און דערצו ווינטער, ווען דער שניי ליגט און מען קען ניט גיין, ווייל עס בלייבן שליאַדן. פּאַרטיזאַנער גרייטן צו שפּייז פאַרן זומער, אָבער די אידן וועלכע זיינען אַנטלאָפן הוילע נאַקעטע האָבן גלייך געמוזט אָנקו־מען צו די פּויערים, באַצאָלנדיק, פאַרשטייט זיך, מעשונעדיקע פרייזן און דערצו פלעגן זיי מער ווי איינמאָל באַרויבט ווערן דורך די פּוילישע פּאַר־טיזאַנער וועלכע פלעגן אַראָפּציען באַ זיי די שטיוול און אָפט אפילע דערשיסן. פיל אידן זיינען אומגעקומען צוליב די שווערע באַדינגונגען און דער ניט־צוגעגרייטקייט. קיין רוסישע פּאַרטיזאַנקעס זיינען נאָך אין אונ־דזערע קאַנטן ניט געווען שטאַרק אַנטוויקלט. עס זיינען נאָר געווען קליינע גרופּעס רוסן, מיט ווינציק געווער, אַנטלאָפענע פון געפאַנגענשאַפט און אויך זיי פלעגן אָוועקגיין נענטער צו מיזרעך, אויסמיידנדיק די פּוילישע פּאַרטיזאַנער, וואָס פלעגן זיך פאַרנעמען מיט רויב און קאַמף קעגן אידן און רוסן.

פון די גרויסע גרופּעס אידן זיינען בלויז איינצלנע געבליבן אין די פּאַרטיזאַנער גרופּן און אויסגעהאַלטן ביזן סאָף. דאָס וואָס עס איז נאָך

# פראַלקע קאַט

געבליבן דער געטאָ אין ביאַליסטאָק, האָט א סאַך געשטערט אין דער אָקשאַנעסדיקייט פון די מענטשן, וועלכע האָבן געדארפט באשליסן צו בלייבן אין וואַלד. נאָך מאָנאַטן ארומבלאָנקען אין די וועלדער און איבער די וועגן, האָבן א סאַך געזוכט זיך אריינצוקריגן אין ביאַליסטאָקער געטאָ, אָבער זיי האָבן אָנגעטראָפן אף דער ארומרינגלונג און פלעגן דערשאָסן ווערן אריבערגייענדיק דעם פאַרקאַן, אָדער געכאַפּט און אריינגעפירט אין טורמע פון וואַנען מען פלעגט זיי ארויסנעמען מיט אויטאָס אונטערן שטאָט, קיין נאָווישאָלק, ווו מען פלעגט זיי דערשיסן אָדער לעבעדיקערהייט באַגראָבן.

דורך די אַלע אויסגערעכנטע וועגן זיינען אומגעקומען איבער א האַל־בער מיליאָן אידן און די פראָווינץ איז סאָף 1942 געבליבן „יודנריין".

---

פאַר דער צייט פון דער ליקווידאַציע איז די געטאָ געווען ארומגע־רינגלט מיט דייטשן, די קרעמלעך זיינען פאַרמאַכט געוואָרן און ס'איז גאָר קיין פרייז ניט געווען אף צו קויפן עפּעס עסנוואַרג. אָבער, קיינער האָט ניט געקלערט וועגן לעבנסמיטל, יעדער איינער איז געווען פאַרנומען מיטן באַזאָרגן זיך ווי אזוי זיך אויסצובאַהאַלטן און בלייבן לעבן. יעדע נאַכט פלעגט מען הערן קלאַפּן מיט האַמערס און יעדן אינדערפרי, ארויסגייענ־דיק אף די הויפן, פלעגט מען זען פרישע בערגלעך מיט זאַמד. דאָס האָט מען באַנאַכט אויסגעגראָבן באַהעלטענישן און די זאַמד אַרויסגעשאָטן. צווישן אונדזערע שכיינים האָבן מיר זיך צונויפגעלייגט מיט געלט, די לעצטע מאַרקן אוועקגעגעבן אף צו מאַכן די באַהעלטעניש. פון קעלער באַם שאָכן האָט מען געגראָבן נאָך אַ קעלער. אַ נייע שטאָט האָט זיך געבויט אין קעלערס, אף בוידעמס און טאָפּלטע ווענט. יענע צייט איז אָבער ביאַליסטאָק בלויז אָפּגעקומען מיט שרעק. ביאַליסטאָק שטייט נאָך מיט 40.000 אידן ווי א קליין אינדזל אין מיטן אָקעאַן, פיל פון זיי אָנגעלאָפענע פון שטעט און שטעטלעך. עס פעלן שוין 20.000 אידן, אָבער אין די באַ־דינגונגען וואָס מען לעבט הייסט דאָס, אז ביאַליסטאָק איז נאָך ניט געררירט... די ערשטע גרויסע פאַרניכטונג קומט דעם 5־טן פעברואַר 1943, ווען עס זיינען ארויסגעפירט געוואָרן 12.000 אידן קיין טרעבלינקע, 3.000 דערשאָסן אין די געטאָ־גאַסן, 200 קינדערלעך דערשטיקט דורך די אייגענע

אין די באַהעלטעניש. א סאַך בלייבן מיט אָפּגעפּראָרענע הענט און פיס. עטלעכע צענדליק ווערן געלינטשט דורך די אייגענע אידן. דאָס לינטשט מען די מאָסרים.

א נאָמען האָט מען עס געגעבן — איך ווייס ניט פונוואַנען דער נאָמען שטאַמט — „די ערשטע אַקציע", אַ נאָמען וואָס זאָגט גאָרניט.

## די ערשטע "אַקציע„ אין ביאַליסטאָק

בלוטיקע אַכט טעג האָט איבערגעלעבט ביאַליסטאָק פון 5־טן ביזן 14־טן פעברואַר 1943. דאָס וואָס ס'איז פאָרגעקומען איז אומעגלעך איבערצוגעבן אַפן פּאַפּיר אָדער מינדלעך. איך, וואָס האָב דאָס אַלץ געזען און מיטגעמאַכט, פאַרשטיי דאָס ניט ביזן היינטיקן טאָג. צי איז מעגלעך, אַז דאָס זאָל האָבן געשען? ווי האָבן דאָס געקענט „מענטשן" (קיין אַנדער וואָרט איז דאָך ניטאָ אַף צו באַצייכענען די וואָס האָבן אויסערלעך א צוראָס אָדעם!) מיט אַזאַ קאַלטבלוטיקייט און סאַדיזם נעמען אַלטע, גרייזגרויע און זויג־קינדער און זיי דערמאָרדן גאַנץ נאָרמאַל, ווי עס וואָלט גאָרניט געווען קיין אויסערגעוויינלעכעס? קיינער וועט ניט וויסן גענוי וואָס עס איז פאָרגעקומען, ווייל קיינער איז ניט בעקויעך דאָס איבערצוגעבן אַזוי, אַז דער וואָס וועט דאָס לייענען זאָל באַקומען דעם ריכטיקן בילד.

דעם ערשטן פעברואַר ווערט ווידעראַמאָל פאַרמאַכט די געטאָ, מען לאָזט ניט אַרויס, ניט אַריין. דייטשע קאָמיסיעס קומען מער ניט באַקוקן די פאַבריקן נאָר די פּלויטן און טויער, צי עס זיינען ניטאָ קיין עפענונגען. אויך דער יודן־ראַט גייט אַרום צעטומלט. די דייטשן גיבן קאַרטאָפל, גאַנצע פורן מיט קאַרטאָפל קומען און ווערן פאַרקויפט אַף טאַלאָנען. דאָס איז עפּעס אומגעוויינלעך, ווייל פריער פלעגט מען גאָרניט באַקומען אויסער 10 גראַם ברויט אַף צוויי טעג. ס'קומט אויס אַזוי ווי א הון וואָס גיט איר וואַסער קעדיי זי זאָל זיך לייכטער לאָזן פליקן.

אַלע אידן גרייטן צו בעסערע באַהעלטענישן. פאַר אַלעמען איז שוין קלאָר, אַז עס קומט די ריי אַף ביאַליסטאָק. די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע פאַרטיילט אין אַלע פאַבריקן אָליאָוויטריאָל פלעשלעך און גרייט צו

## פּראַלקע קאַט

דעם געדאַנק פֿון זיך קעגנשטעלן. עס גייען אַרום פֿאַרשידענע קלאַנגען. אייניקע זאָגן, אַז דער יודן־ראַט אונטערהאַנדלט וועגן אַרויסגעבן 5.000 אידן איינשטילן, ווי שטענדיק. אַנדערע זאָגן, אַז אַפילע די אידישע פּאָליציי, וועלכע האָט מיטגעאַרבעט מיטן דייטש וועט זיך קעגנשטעלן דער פֿאַרניכטונג. פֿאַר די פֿינף טעג איז מען פֿאַשעט ווילד געוואָרן פֿון קלערן און פֿון גייסטיקער דערשעפּונג. יעדן אָוונט פֿלעגט מען אַרויסשטעלן מענטשן אַף וואַך, זיי זאָלן אָנזאָגן אין פֿאַל ווען די דייטשן וועלן קומען.

די נאַכט פֿון 5־טן פֿעברואַר, ווען אונדז איז ניט אויסגעקומען צו שטיין אַף דער וואַך נאָך דעם שאַכן, קום איך פֿאַרמאַטערט פֿון אונדזער פּריינט מאַטיען, ווו איך האָב פֿאַרענדיקט צו מאַכן זייער באַהעלטעניש און פֿאַל אָוועק אַ מידער שלאָפֿן. פֿון שלאָף הער איך ווי מען קלאַפּט אין לאָדן און מען שרייט: אידן, אַרויס פֿון די שטיבער! אַלע אַף די גאַסן! דאָס גייט די אידישע פּאָליציי און שרייט.

דער שאַכן אונדזערער לויפֿט אַריין אַ טויט־בלאַסער און שטאַמלט אויס, קוים וואָס מען פֿאַרשטייט אים: דייטשן ז־יי־נ־ע־ן ד־אַ־אַ! מען הערט שוין פֿון דער ווייטן זייערע רייען און איינצלנע שאָסן.

אַף גיך וועק איך אויף אַלעמען אין שטוב, טו אָן די שטיוול און מאַרינאַרקע (די הויזן געפֿין איך שוין ניט), שיק גיך אַריין די פֿאַמיליע אין דעם געמאַכטן קעלער און איך מיט לייבלען קריכן אַרויף אַף אַ בוידעם מיט נאָך שכנים. אין קעלער האָבן אַלע ניט געקענט אַריין. נאָכן איינאָרדענען די עלטערן, פּרוביר איך אַרויסלויפֿן אַף די פּונקטן וואָס מען האָט באַשטימט פֿון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע צום קאַמף, אָבער צו שפּעט: די גאַסן זיינען באַשטעלט מיט דייטשן, מען שיסט אַף יעדן איינעם וואָס גייט אָדער מען כאַפּט אים און מען שטעלט אין די רייען אַף אַרויסצופֿירן. ניטאָ קיין ברירע, מען מוז זיך פֿאַרוקן אין בוידעם, ווו עס ליגן אויפֿגעדרייט צען מאַן און אַ פּיצל קינד.

## באַראַשעס פֿילאָזאָפֿיע

די האָפֿענונג פֿון דער באַפֿעלקערונג אַף דער אידישער פּאָליציי האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט זייער מיטהילף די דייטשן. באַראַש האָט, ווי שטענ־

# כורבן ביאַליסטאָק

דיק, צוגעגרייט אַ צעטל מיט אידן וועלכע מ'דאַרף אַרויסגעבן. אַ פּאָר שאָפריער האָט ער גערופן די אידישע פּאָליציי מיט זייער קאָמענדאַנט מאַרקוסן און צו זיי געהאַלטן אַ רעדע זאָגנדיק, אַז ווען אַ מענטש איז געפּערלעך פאַרגיפטעט און מ'דאַרף אים אַראָפּנעמען אַ האַנט קעדיי דער מענטש זאָל בלייבן לעבן, טוט מען דאָס. מיט דעם האָט ער זיי געוואָלט איבערצייגן, אַז זיי זאָלן צוהעלפן דעם דייטש אין זיין אַרבעט, גאַראַנטירנדיק דערביי זייער לעבן און דעם לעבן פון זייערע פאַמיליעס.

אָבער די אידן וואָס זיינען געווען אַף באַראַשעס צעטל, האָט מען ניט געקענט געפינען. אַלע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, אויסער אַ גרופּע אידן פון אַנדערע שטעט, וואָס האָבן געוואוינט אַף נייַ־וועלט אין אַ שול און וואָס האָבן ניט געהאַט ווּ זיך צו באַהאַלטן. דאָס האָט אויפגערעגט די דייטשן, וועלכע האָבן געוואָלט אַ סאַך אידיש בלוט פאַר זייערע דורשטיקע נעשאָמעס. דער קאָמענדאַנט האָט צעריסן דעם צעטל און גענומען זוכן אין אַלע הייזער. דער ערשטער גייט אַ אידישער פּאָליציאַנט. מערסטנס האַלט ער אַהאַק אָדער אַ לאָם אין האַנט. נאָך אים גייט אַן אוקראַאינער אָדער ווייס־רוס מיט געווער. ערשט צולעצט גייען די דייטשן, אויך מיט געווער און האַנטגראַנאַטן. מען גייט לאַנגזאָם, געדולדיק איבער אַלע הויפן, מען ברעכט אויף ווענט, פּאָדלאָגעס, דעכער. דאָס ברעכן אויף אוקראַאינער און אידישע פּאָליציי, דער דייטש קוקט זיך נאָר צו צו זייער אַרבעט. ווען מ'שלעפּט אַרויס וועמען פון באַהעלטעניש, דאַן שיסט מען אים אָדער מען פירט אַוועק צום זאַמל־פּונקט אַף יוראָווועצקע גאָס, ווּ עס ווערן אויפגעקליבן גרופּעס מענטשן. ביזן אויפקלייבן שלאָגט מען זיי, הינט רייסן פון זיי שטיקער, די דייטשן מאַכן זיך פריילעך איבער די פרויען, קינדער און גרייזגרויע אידן, וועלכע שטייען אין פראָסט הונגעריקע, צעשראָקן, מאַכטלאָז, פאַראַטן פון אַלעמען און פאַרלאָזן אַפילע פון גאָט. די גרעסטע ציניזשקייט באַגייט דאָ דער יודן־ראַט מיטן פאַרטיילן יעדן איינעם וואָס מען פירט אַרויס אַ לעבל ברויט. דאָס דאַרף הייסן, אַז מען פירט זיי אַף אַרבעט. אָבער אַלע פאַרשטייען, אַז דאָס וועט מען שוין עסן אַף יענער וועלט, ווּ עס קען אויספעלן אַפּראָוויזאַציע מיטן אָנקום פון אַזויפיל מענטשן...

דאָס ברויט מוז מען נעמען און ס'גייען גרופּעס אויפגעדרייט פון קעלט, מיט אַ לעבל ברויט אונטערן אָרעם, צום טויער אַף פאַבריטשנע

גאָס. די דייטשן, וואָס באַגלייטן זיי, טוען אַ שאָס פון צייט צו צייט און אַ איד צוזאַמען מיט אַ לעבל ברויט קייקלט זיך אַריין אין רינשטאָק. דאָס ברויט, וואָס דער מענטש האָט געזאָלט עסן, ווערט אָנגעזעטיקט גאָר מיט מענטשלעך בלוט, וואָס רינט פון קאָפּ...

## אָפן בוידעם

די ערשטע צוויי טעג בין איך מיט בייבען געלעגן אָפן בוידעם און די עלטערן אין קעלער. אַ שטאַרקער פראָסט און אַ ווינט רייסט דורך די שפּאַרונעס פון די דינע ווענטלעך פון בוידעם און דאַכעפקעס. עס ווייעט דער ווינט ווי ער וואָלט געוויינט.

מיר ליגן צען מאַן מיט אַ קליין קינד, צונויפגעקוועטשט איינע אָף די אַנדערע, די פיס געבויגן, זיי ניט קענענדיק אויסגלייכן, די מאַרינאַרקעס איבער די קעפּ קעדיי זיך אַ ביסל צו דערוואַרעמען מיטן אייגענעם אָטעם וועלכן מען לאָזט ארויס פּאַמעלעך, ער זאָל כאָס-וועשאָלעם ניט מאַכן קיין גערודער. ווען איינער וויל אויסציען אַ האַנט, וואָס ווערט אים פאַרקלעמט, קוקן אים אַלע אָן בייז. ווען מען דאַרף זיך דערליידיקן, מוז ער דאָס טאָן אונטער זיך.

מיר הערן קעסיידערדיקע געשרייען און שאָסן פון דייטשן וואָס דער־נענטערן זיך. מען רייסט שוין באַ אונדז אונטן די טיר. דאָס קינד הויבט אָן וויינען אָפן שוים פון דער מוטער. מיר ווערן אַלע אויפגעטרייסלט. וואָס טאָן? אַ שאַכן לייגט אַרויף די האַנט אָפן קינדס מויל. דאָס קינד ווערט אַנטשוויגן, אָבער — שוין אָף אייביק. ווען די דייטשן דערווייטערן זיך לאַזנדיק הערן עטלעכע שאָסן פון וועלכע עס זיינען זיכער געפאַלן עטלעכע יונגע לעבנס אָפן גאַס, הויבט די מוטער אָן טרייסלען דאָס קינד, אָבער — קיין קאָל. די מוטער הויבט אָן שרייען, פאַרשטייט זיך, אָבער מען פאַר־מאַכט איר ס׳מויל — צען מענטשן געפינען זיך דאָך אין סאַקאָנע. דער מוטער קען דאָס ניט באַרויקן און פון צייט צו צייט לאָזט זי אַרויס אַ גרעסערן וויי־געשריי, וואָס לעכערט דורך דאָס האַרץ ווי אַ קויל.

נאָך צוויי טעג פּרובירן מיר אַראָפּשיקן באַנאַכט איינעם אויסצוקוקן וואָס עס הערט זיך. עפּעס איז שטיל באַנאַכט און עס איז אומעגלעך צו

# ח ו ר ב ן   ב י אַ ל י ס ט אָ ק

ליגן מיטן טויטן אויפּעלע, דער שעליעד דערציילט, אַז מ'קען אַראָפּ־גיין, באַנאַכט גייען די דייטשן אַוועק. זיי פירן זיך ווי בײַ אַ נאָרמאַלן אַרבעטס־טאָג. זיי קומען 6 אַזייגער פאַרטאָג, מאַכן אַן איבעררייס פון צוויי שעה אַף מיטיק און גייען אַוועק 6 פאַרנאַכט.

די נאַכט גייען מיר אַרויס. איך שאַר זיך אַרויס פון בוידעם און פּרוּוו זיך שטעלן אַף אַרויסצוגיין, אָבער איך פאַל אום. די פיס זיינען מיר געשוואָלן און אָפּגעפרוירן. דער ברודער נעמט מיר אַף די הענט און טראָגט מיר אַראָפּ אין שטוב. דאָ איז אַלץ צעוואָרפן אַף דער ערד, די בעטגעוואַנט צעטראָטן און צעריסן פון דייטשע באַגנעטן, איין ברעט פון דער פאָדלאָגע איז צעהאַקט — די דייטשן האָבן דאָ געזוכט.

בייבע לייגט מיר אַוועק אַפן בעט און שניידט מיר אויף די שטיוול, קעדיי זיי קאָנען אַראָפּנעמען. ער גייט זען וואָס ס'איז מיט די עלטערן. עס קומט אַריין די מאַמע מיט רייצעלען, איינגעוויקלט אין אַ סאַך שמאַטעס קעדיי ניט פאַרפראָרן ווערן פון קעלט, די ליפּן פאַרטריקנט, די נעזער און די אויגן רויט. אויך דער טאַטע שלעפּט זיך אַריין. מען רעדט גאָרניט, זיי קוקן נאָר אַף מיינע געשוואָלענע פיס. די מאַמע נעמט מיט אַ זיפץ אַראָפּ איר טוך פון קאָפּ און וויקלט מיר איין די פיס. זי פרעגט מיר צו איך וויל עסן — אַליין איז זי הונגעריק און זאָרגט פאַר מיר — גייט צו צום שאַפקע, אָבער אַלץ איז צעראַבירט, ניטאָ גאָרניט.

איינצלנע מענטשן קריכן דורך, ווי די שאָטנס אַפן וואַנט, איבערן גאַס, איינגעבויגן, אויפגעדרייט. איינעם פעלט שוין די גאַנצע מישפּאָכע, אָדער אַ גליד פון דער מישפּאָכע. אַנדערע דערקענען שוועסטער, ברידער, מאַמעס, טאַטעס און קינדער, וואָס וואַלגערן זיך אַפן גאַס צעשאָסענע. מער ווי ספּאַזמעס הערט מען נים.

## די שעדלעכע צעטיילונג

מען דערוויסט זיך, אַז פייערלעשער, כעוורע קאַדישע, בעקער און פּורמאַנעס, וואָס פאָרן מיט פורן אויפנעמען די צעשאָסענע אין די גאַסן, קענען זיך פריי באַוועגן אין דער צייט ווען אַלץ ווערט געטאָן. די וואָס האָבן זיך אַריינגעקראָגן אין שפּיטאָל פון געטאָ און אין די פאַבריקן טשע־

# פראָלקע קאָט

פעט מען אויך דערוויל נישט. דאָס ברענגט אריין אַ צעטיילונג. מענטשן רייסן זיך אין דער פרייער צייט, ווען די דייטשן גייען אַוועק פון געטאָ, אריינצוגיין אין די פאַבריקן אָדער אין שפּיטאָל, זיך אָנטאָן אלס קראַנקע. אָבער, די פאַבריקן זיינען פול, מען לאָזט קיין נייע ניט אַריין, בלויז מיט פּראָטעקציע גיט מען אַרוים שיינען, אַז מען אַרבעט שוין פון פריער. איי־ניקע רייסן זיך אַריין אַן צעטלען און באַהאַלטן זיך אין פאַבריק, זוכן די זעלבע אַרבעטער די דאָזיקע מענטשן און טרייבן זיי אַרוים אפן גאַס. אלע דריי סמענעס זיצן אין די פאַבריקן און זעען ווי עס ווערן אַרויסגעפירט און צעשאָסן פאַר זייערע אויגן זייערע נאָענטסטע און קענען גאָרניט העלפן. זיי מוזן נאָך זיצן און אַרבעטן, ווייל דער דייטש וויל אַזוי און די בריגאַ־דירן פון דער אַרבעט פאָדערן אויך מען זאָל אַרבעטן, אַז ניט וועט דער דייטש קומען און אַרויסנעמען. דער דייטש פאַרגעסט ניט אפילע איצט אין די פאַבריקן און פון צייט צו צייט קומט ער קאָנטראָלירן צי מ׳אַרבעט און צי עס זיינען ניטאָ קיין אידן אָן שיינען. די פאַמיליעס פון דער פּאָליציי זיצן אויך אין די פאַבריקן אף ערשט־געמאַכטע שיינען. זייערע מענער ברענגען זיי עסן פון צעראַבירטע געשעפטן. די אַנדערע זיצן הונגעריק די גאַנצע אַכט טעג. און ווער קען דען עסן אין אַזאַ צייט ווען מ׳זעט זיך צו אַלץ דורכן פענצטער?

ווען די דייטשן האָבן אָפּגעוואָרפן באַראַשעס צעטל און זיך אַליין גענומען זוכן, זיינען אויך אַריינגעפאַלן פאַמיליעס פון יודן־ראַט, וואָס זיינען געלעגן באַהאַלטן און וואָס מ׳האָט זיי אויפגעדעקט. אָבער אפן דריטן, פערטן טאָג פון דער פאַרניכטונג, האָט זיך דער יודן־ראַט צוריק אָריענטירט און זיך גענומען צו זיין שטענדיקער אַרבעט פון אַרויסנעמען ווען ער געפינט פאַר נויטיק. אפן באַן־הויף, וווּ עס פלעגן ווערן אויס־געשטעלט די אידן אַריינצוגיין אין די וואַגאָנעס אף אָפּגעשיקט צו ווערן קיין טרעבלינקע, פלעגן קומען אַזוינע מענטשן פון יודן־ראַט, אָנווייזן אף געוויסע מענטשן און מען פלעגט זיי צוריק אָפּפירן אין געטאָ. אין דער צייט ווען מענטשן זיינען אף קויעד געטריבן געוואָרן אין די וואַגאָנעס, ווען אַלטע מוטערס ווערן צעשיידט פון קינדער און מענער פון פרויען, ווען עס הערן זיך קוילעס פון די לעצטע געזעגענונגען און טרייסטונגען און טרערן מישן זיך אויס מיטן בלוט פון באַקומענע קלעפּ.

# כורבן ביאַליסטאָק

אין דער זעלבער צייט קומט אַזאַ יודן־ראַט־מענטש, שושקעט עפּעס אַריין אין אויער און יענעם נעמט מען אַרויס פון דער מיט און מען פירט אים צוריק אַפּ אין געטאָ. דאָס האָט אַריינגעבראַכט אַ גרויסע דעמאָראַלי־זאַציע, ווייל יעדן איינעם איז דאַך טייער דאָס לעבן, און די דייטשן האָבן געוווּסט ווי דאָס אויסצונוצן, שאַפנדיק אַ צעטיילונג צווישן די אידן. זיי זיינען געפאַלן אַף אַ שפּיצל: אַזוי ווי ס'איז געווען שווער אויסצוגעפינען די באַהאַלטענע אידן און דאָס זוכן האָט זיי פאַרנומען צופיל צייט, איז ווען זיי פלעגן געפינען אַ גרופּע אויסבאַהאַלטענע אידן, פלעגן זיי פאַרלייגן, אַז דער וואָס וועט אָנווייזן ווו עס ליגן באַהאַלטן אידן, וועט ער באַפרייט ווערן. זעענדיק ווי באַ דער זייט שטייט אידישע פּאָליציי, אַז די אידן אין די פאַבריקן טשעפּעט מען ניט און אַז אַנדערע נעמט מען נאָך אַראָפּ פון די וואַגאָנעס, האָבן ניט אַלע געקענט דורכטראַגן דעם ניסאָיען און — כאָטש זייער אַ קליינער טייל — האָט זיך געבראָכן און מאַסקים געווען אָנצוווייזן די באַהעלטענישן. אַ סאַך „סכאָדנעס" זיינען אַף אַזאַ אויפן אויפגעדעקט געוואָרן און זיי האָבן זייער פיל שאָדן געבראַכט. דער דייטש פלעגט אַזאַ איינעם נאָך מיט דער גאַנצער צינישקייט אַרויסגעבן אַ שיין מיט אַן אויפשריפט, אַז דער יודע איז אַ פאַרעטער און דערמיט פלעגט ער קענען אַרומגיין פריי...

עס רוקט זיך אָן דער פרימאָרגן, מ'מוז ווייטער גיין זיך באַהאַלטן. אַפן זעלבן אָרט קען איך שוין ניט גיין, מען קען ניט צוזען דעם צאַר פון דער מוטער, וואָס האַלט דאָס טויטע קינד און וויגט עס, ווייל עס ניט אַרויס־לאָזן פון האַנט. עס איז אויך ענג צו ליגן דאָרט. איך מיט די אָפּגעפראָרענע פיס מוז ליגן גלייך און דאָרט איז ניטאָ ווו זיך אויסצוציען. די עלטערן מיט דער שוועסטערקע קריכן צוריק אין זייער לעבעדיקן קייווער. מיר נעמט דער ברודער לייבל אַף די הענט — ווייל גיין קען איך ניט — און טראָגט מיר אַריבער אין אַ צווייטן אָרט אַנטקעגן אונדזער הויף אַף אַ בוידעם, פאַרשטעלט מיט פאַרשידענע שיסלען, בענק, מען זאָל ניט דער־קענען, אַז דאָרטן ליגן מענטשן. דאָ זיינען דאָ ווינציקער מענטשן, איך קען זיך שוין אויסגלייכן.

# ביאַליסטאָק פון אַמאָל




ביאַליסטאָקער שטאָט־גאָרטן און דעם „קייסערס פאַלאַץ"



דער וואקזאל וואָס האָט פאַרבונדן ביאַליסטאָק מיט דער „גרויסער וועלט און פונוואַנען מען האָט שפּעטער געפירט די אידן אין טרעבלינקע.

# דאָס חורבן ביאַליסטאָק



אָוונעטס גאַס, רעכטס איז אַמאָל געווען די בעקעריי



דער פלאַץ ווו די ביאַליסטאָקער שול איז געשטאַנען. דער גאַנצער שול־הויף און די אַרומיקע גאַסן זיינען אָפּגעווישט

## פראָלקע קאַט

# וואָס איך האָב מיט מיינע אייגענע אויגן געזען

דעם פערטן טאָג, האָט זיך דער טאָג געשטעלט א זוניקער און א שטאַרקער פראָסט. אין געטאָ איז שטיל. מען הערט נאָר קרעכצערייען פון דער דריטער גאַס און געשרייען פון דייטשן. דורך אַ שפּאַרע פון אַ ווענטל, דורך וואַנען עס יאָגט אַריין אַ פראָסטיקער ווינט, וואָס שניידט הײַנט דורך דאָס לייב מער ווי אַלעמאָל, זע איך ביאַלאָסטאָטשאַנסקע גאַס און אַ שטיקל פּאָלנע. איך אָבסערוויר ספּעציעל אונדזער הויף ווו עס ליגן די עלטערן און רייצעלע. איך זע ווי עס גייען אַרום אידישע פּאָליציי, דייטשן, אוקראַאינער און ווייס־רוסן, וואָס דינען אין דייטשן מיליטער, און זוכן ווייטער. שטיל אין געטאָ, אַלץ ליגט אין ציטערניש. דער ברוק איז באַזייט מיט שפּייז, מאַנטלען און טויטע אידן, קינדער, ניט קיין אויפגערוימטע פאַר די פּאָר טעג, אין פאַרשידענע פּאָזעס, פאַרגליווערט און פאַרפראָרן מיט אַ ריטש־קעלע בלוט לעבן יעדן איינעם. איינצלנע גרופּקעס געפונענע אידן, אויפ־געדרייטע, שווער צום דערקענען, ווערן געפירט פון די דייטשן. אַן עלטערע פרוי בלייבט אַ ביסל הינטערשטעליק, זי קען ניט נאָכגיין. דער דייטש רופט: „קאָם, קאָם!" זי פאַלט אָבער אַפן ברוק פון שוואַכקייט. דער דייטש צילט אַן די ביקס, אַ שאָס און עס רינט שוין אַ קאַלוזשע בלוט פון קאָפּ. אַן אַ טרייסל אַפילע אויסגעגאַנגען. די טאָכטער וואָס איז געגאַנגען נעמען דער מוטער אונטערן אָרעם, בלייבט שטיין נעבן טויטן קערפּער און זאָגט צו זיך אַליין: ש־ש־ש־ו־י־ן ג־ע־ע־נ־ד־י־ק־ט! דער דייטש, אינגאַנצן רויק, רופט איר: „קאָם, קאָם, קאָם"! די טאָכטער הויבט אָן גיין, נאָך אַ שאָס און זי קייקלט זיך אַריין אין רינשטאָק, 10 מעטער פאָרויס פון דער מוטער. זי טוט זיך נאָך עטלעכע מאָל א הויב מיט אַן אומקלאָרן געשריי. די גרופּע גייט ווייטער, אויפגעדרייט, ווי עס וואָלט גאָרניט געשען. א יונגער באָכער, וואָס פּרוּווט אַנטלויפן, ווערט אויך דערשאָסן מיט אַ געלעכטער פון דייטש צוזעענדיק ווי די קויל האָט אים ניט גלייך דערהאַרגעט. און ווייטער איז שטיל אין געטאָ.

אַן אַנדער גרופּע מיט דייטשן קומט אָן ווייטער זוכן. זיי גייען אַרויף אַפן הויף ווו איך בין פריער געלעגן. עס האָט לאַנג ניט געדויערט און זיי האָבן געפונען דאָס אָרט ווו איך בין מיט אַ טאָג פריער געלעגן, און שוין

# כורבן ביאַליסטאָק

פירט מען פון דאָרטן די מענטשן. איך האָב זיי דערקענט לויטן טויטן קינד וואָס די מוטער טראָגט אַפן האַנט. עס גייט איין קנויל מענטשן. די מוטער מיטן טויטן קינד פאָרויס, לעבן איר דער מאַן און צוויי עלטערע טעכטער, וועלכע האַלטן זיך באַ די שמאַטעס פון די עלטערן. איצט האָט שוין דאָס קינד ניט געשריען און ניט אויפגעדעקט די באַהעלטעניש. זיי האָבן דאָס קינד מיט אַ קיוון ארויסגעלייגט פאָרנט, קעדיי ווען מ'וועט קומען זוכן זאָל מען מיינען, אַז דאָ איז מען שוין געווען, אַ סימען, אַז אַ קליין קינד וואַלגערט זיך. אָבער עס איז געווען אַ טאָעס. ווען די דייטשן האָבן געזען, אַז דאָס קינד איז ניט דורכגעשטאָכן האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ניט קיין דייטשע אַרבעט און גענומען ענערגיש זוכן און טאַקע געפונען די באַהעלטעניש. צוויי מענטשן האָבן זיי גלייך דערשאָסן, די איבעריקע האָב איך געזען פירן. ווען דער ברודער טראָגט מיר ניט אַריבער, וואָלט איך אויך געווען צווישן זיי. מיר מיט געפראָרענע פיס וואָלטן זיי מיך זיכער גלייך דערשאָסן.

# מאַלמעד

ליגנדיק און צוזעענדיק אַלץ וואָס טוט זיך, האָב איך דערפילט דעם גאַנצן אומזין פון ליגן באַהאַלטן, ווען אַלץ זוכט דיך און נאָך מיט קראַנקע פיס. פון 50 טויזנט מענטשן, וועס זיינען געלעגן צוזאַמענגעדריקט אַף עטלעכע גאַסן, האָט בלויז אַיין מענטש אין געטאָ אויסגענוצט די וויטריאָל און קאַלטע געווער מיט וואָס יעדער אַיינער איז אַריין זיך באַהאַלטן. מער האָבן זיך ניט געפונען קיין ענערגישע מענטשן. דאָס איז דאָס שרעקלעכסטע אין דעם גאַנצן גאַנג פון דער אויסראָטונג, ביז דער אַיינציקער העלדישער איד, מאַלמעד, אַ אַנטלאָפענער פון סלאָנים, וואָס האָט שוין פריער געזען, אַז ס'איז ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג ווי קאַמף קעגן טויט, האָט געגעבן דעם גרויסן ביישפיל. מאַלמעד איז פון סלאָנים געהאַט אַוועק צו די פאַרטיזאַנער, אָבער דער דייטש האָט מיט דער הילף פון ליטווישע און לעטישע דיוויזיעס געצוווּנגען די פאַרטיזאַנער אָפּצוטרעטן מיט גרויסע פאַרלוסטן. דאַן איז ער געקומען קיין ביאַליסטאָק און דאָ נאָך אַ קורצער צייט אָנגעטראָפן די אויסראָטונג. עס האָט גלייך פאַרשטאַנען דעם אומזין

# פראַלקע קאַט

פון זיך באַהאַלטן, איז ער געבליבן אין שטוב און געוואַרט. דער ערשטער איז אַריין אַ אידישער פּאָליציאַנט און אים געוואָלט אַרויסטרייבן אַפן גאַס צו די דייטשן. אים האָט ער ניט געטשעפּעט. ווען די דייטשן האָבן געזען, אַז דעם אידישן פּאָליציאַנט געשעט גאָרניט, איז אויך אַריין אַ דייטש אין שטוב. אַף אים האָט זיך מאַלמעד גלייך געוואָרפן, אים אָפּגעגאָסן דעם פּאָנעם מיט אָליאָוויטריאָל, פאַרברענט דעם פּאָנעם און בלינד געמאַכט, און אַליין אַנטלאָפן. דאָס איז געשען אַף קופּיעצקע 10.

די דייטשן גיבן גלייך אַרויס אַ פאַראָרדענונג צו שיסן די ערשטע 200 אידן, וואָס געפינען זיך אַפן זעלבן פּלאַץ. מען צעשיסט זיי אַף פּראַגעס גאָרטן, אַף ניי־וועלט, און מעלדן, אַז אַלע אידן וועלן אַפן אָרט דערשאָסן ווערן אויב מען וועט ניט צושטעלן מאַלמעדן. איך קען ניט זיכער פעסטשטעלן, צי די אידישע פּאָליציי האָט אים געפונען און אַרויסגעגעבן, אָדער ער האָט זיך אַליין געמאָלדן, ניט וועלנדיק ברענגען שאָדן דער געטאָ. אַף קופּיעצקע גאַס איז אויסגעבויט געוואָרן אַ טליע אַף וועלכער מ'הענגט אים צוזאַמען מיט זיין פרוי (זיי איינגעשפּאָרט צו פאָרן קיין טרעבלינקע...) אַט דער מאַלמעד איז געווען דער איינציקער העלד אין די אַכט טעג. קאַוועד זיין אָנדענק און לערע פאַר די לעבנגעבליבענע! נאָך דער „ליקווידאַציע" האָבן אים כאַווירים באַהאַלטן באַזונדער אַפן געטאָ בייסאַלמען און געשטעלט אַ מאָנומענט מיט זיין בילד און דעם בילד פון זיין פרוי.

עס זיינען אויך געווען פאַלן פון פּאַסיוון ווידערשטאַנד. ווען מען פלעגט געפינען אַ גרופּע אויסבאַהאַלטענע, פלעגן איינציקע ספּעציעל אויסשרייען: מיט די גרייז־גרויע אידן, מיט שוואַכע פרויען און זויג קינדער האָט איר דעם קריג געוואונען, אָבער סטאַלינגראַד וועט איר ניט נעמען! נידער מיט היטלערן! נאָך אַזאַ אויסרוף פלעגט מען אַזאַ אידן, פאַרשטייט זיך, דערשיסן אַפן אָרט, אַזוי האָבן זיי אויסגעמיטן ווייטערדיקע פּייניקונגען. אַנדערש, ווען מען בעט די דייטשן שיסן, זיינען זיי זייער העפלעך און ענטפערן ניין!

## אַפן וועג קיין טרעבלינקע

די זוכענישן גייען ווייטער. מען זוכט נאָך אַלץ די „גרויסע סאָנים"

# כורבן ביאַליסטאָק

ון דער מענטשהייט — די אידישע זויג־קינדער און גרייז־גרויע מענער און פרויען. לעבן אונדז, ווו מיר ליגן באהאלטן, געפינט מען היינט פיל באהאלטענע אידן. פיל ליגן אויך דערשאסענע אף די הויפן, אין גאס, אף די בוידעמער און שטיבער. כעוורע קאדישע מיט גרינע היטלען און טויטע פענימער לייגן די טויטע אף פורן, איינע אף די אנדערע ווי שאכטלעד האלץ. אין דער זעלבער צייט ווי זיי פירן א טייל אפן בייסאלמען אף זשא־ביע גאס, לייגן זיי אויס אנדערע אין א ריי, ווייל צו באערדיקן אלע איז ניטא קיין צייט. די וואס בלייבן לעבן, פירט מען ארויס צום באן פלאץ אף פאלעסקע גאס. זיי ווערן געטריבן אין די וואגאנעס, ווו עס ווערן פאר־קלאפט די טירן. צו פיר דייטשן זיצן אין דער הויך אף יעדער וואגאן מיט אויטאמאטן און שיסן אף יעדן איינעם וואס פרווט אנטלויפן. דאך טאנצן א סאך ארויס ווען די באן איז אין שנעלסטן גאנג, אויפרייסנדיק די פענצטער און טירן. א סאך טויטע קערפערס פון יונגע באכערים און מיידלעך זיינען געבליבן אפן וועג פון טרעבלינקע. די וואס האבן זיך גע־ראטעוועט האבן געבלאנקעט הונגעריקע, ניט קענענדיק צוריק אריין אין געטא, וועלכער איז געווען באוואכט. א סאך פון זיי האבן די פאליאקן געכאפט, בארויבט, ווען זיי האבן געהאט וואס, און איבערגעגעבן די דייטשן; אנדערע האבן וואכנלאנג זיך ארומגעדרייט איבער די וועלדער זוכנדיק זיך צו פארבינדן מיט פארטיזאנער.

אף פארשידענע אויפאנים האבן אידן געפונען זייער טויט אין יענע טעג. עס זיינען געווען פאלן פון עלטערן, וואס האבן צוליב א קינד, וואס האט אנגעהויבן וויינען ארויס פון באהעלטעניש און זיך איבערגעגעבן, זיך אפפערנדיק פארן קינד. א סאך האבן זיך גענומען דאס לעבן, אנדערע זיינען אראפ פון זינען. זייער א סאך מענטשלעכע און אומענטשלעכע האנדלונגען האט מען געקענט זען אין די קריטישע אכט טעג פון דער שרעקלעכסטער פארניכטונג.

ווי אזוי איז געווען מעגלעך צו ליגן און זען אזוינע אומבאשרייבלעכע און אומגלויבלעכע פאלן, אז מענטשן זאלן אזוי האנדלען מיט מענטשן און מ׳זאל שווייגן? דאס פארשטיי איך אליין ניט. איך פיל שוין ניט איצט, ווען איך שרייב דאס וואס מען פילט דענסטמאל און ווייס ניט ווי אזוי מען קען זיך קוקן אין די אויגן ווען מען רעאגירט ניט אף דעם, זיך ניט

מ ר אָ ל ק ע ק אָ ט

וואָרפנדיק ווינציקסטן מיט די ציין. וואָס פאַר אַ באַשעפעניש איז דער מענטש וואָס קען ליגן באַהאַלטן, דאָס צוקוקן און וואַרטן, אַז באַלד וועט מען אים געפינען?

## נאָכן שטורעם

ענדלעך זעט מען איינציקע אידן אַרויסקריכן און זיך דורכגיין די גאַס. מען דערוויסט זיך, אַז די דייטשן קומען שוין ניט, כאָטש די געטאָ איז נאָך אַלץ פאַרמאַכט. ביבע נעמט מיר אַף די הענט און טראָגט מיר אַראָפּ אין שטוב. דאָ איז אַלץ צערויבט און צעוואָרפן. איך ליג זיך אין בעט מיט גרויסע ווייטיקן פון די אָפּגעפרוירענע פיס. מען רופט אַ דאָקטער, וועלכער הייסט מיר מאַכן איינשפּריצונגען, זייער טייערע. די מאַמע, זיצט בײַ מיין בעט, זי האָט מורא איך זאָל ניט כאַלעשן פון ווייטיק.

פון אונדזער פאַמיליע האָט מען אַלע פריינט צוגענומען, נאָר מיר זיינען געבליבן. די אויפרעגונג צווישן דער באַפעלקערונג וואָס איז געבליבן מוז אויסגלאָדן ווערן. עס זיינען אָפּגעמעקט געוואָרן גאַנצע פאַמיליעס, וואָס האָבן דורך דוירעס געוועבט זייער לעבן. דער יודן־ראַט זעט און פאַרשטייט די שטימונג אין געטאָ. איז, קעדיי אָפּצוציען דעם צאָרן וואָס האָט זיך געדאַרפט אויסלאָדן אַף זיי, האָבן זיי גענומען דריי יונגע באַכערים און אַרעסטירט, מעלדנדיק, אַז זיי, די דריי באַכערים, האָבן אין דער צייט פון דער פאַרניכטונג אַראָפּגעצויגן שטיוול און פינגערלעך פון די דערשאָסענע אידן און באַרויבט די שטיבער. די באַפעלקערונג רייסט זיך צו דער טורמע זיי לינטשן. דער יודן־ראַט פאַרמישפּעט זיי צום טויט אויפהענגנדיק זיי טאָקע אַנטקעגן יודן־ראַט. צי די באַשולדיקונג אַף זיי איז געווען אַ ריכטיקע, אָדער דאָס זיינען געווען נאָך דריי קאָרבאָנעס פון יודן־ראַט, דאָס קען איך ניט באַשטימען. אָבער, אַז אידישע פּאָליציי האָט גערויבט, דאָס האָב איך געזען אין יענער צייט. מיט דעם מישפּעט האָט מען פון זיי אָפּגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט.

ווען מ׳איז נאָר אַרויס פון די לעבער אַף דער „ליכטיקער וועלט", איז געווען געגנוג, אַז ווער עס זאָל אַ געשריי טאָן אַפן גאַס אַז דער איז אַ מאָסער, איז אים שוין די גאַנצע גאַס אידן באַפאַלן און אים געלינטשט

אפּן אָרט. יעדן טאָג פלעגט מען אזוי לינטשן עטלעכע מענטשן. מ׳פלעגט אויך אריינגיין אין שטוב פון אַזאַ מאַסער און אים דערשטעכן מיט א מעסער.

דאָס לעבן גייט אָבער זיין וועג, דער וואָס איז געבליבן מוז ווייטער לעבן. דער שפּיטאָל איז פול מיט אָפּגעפּראָרענע מענטשן באַ וועלכע מען נעמט אראָפּ פאַרשידענע גלידער: הענט, פיס און אויערן. זייער פיל בלייבן קאַליקעס. איך ליג אין שטוב און דריי זיך אין ווייטיקן. מען דאַרף מיר אראָפּנעמען די פיס. אין שפּיטאָל איז ניטאָ קיין אָרט. דער דאָקטער גיט מיר איינשפּריצונגען און נאָך א וואָך היילן, פאַרזיכערט ער מיר, אז איך וועל בלייבן מיט די פיס.

אין געטאָ איז דאָס לעבן נאָך שווערער ווי פריער. א פּאָר וואָכן בלייבט נאָך די געטאָ געשלאָסן און די איינציקע שפּייז איז א טעלער זופּ וואָס מ׳גיט פון א קיך. שפּעטער ווען מ׳לאָזט שוין ארויס צו דער ארבעט אויסערן געטאָ, פירט מען ווי געפאַנגענע, באַגלייט פון א וואַך. באַ דער ארבעט היט מען אויך מיט געווער. דער יאַקרעס איז אויסערגעוויינלעך: א לעבל ברויט 100 מארק און א פּוד קאַרטאָפל 300 מאַרק. די גרויסע רעטונג איז דאָס ביסל זופּ וואָס מ׳גיט ארום 12 אזייגער.

## די שפּאַלטונג פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע

נאָך דער ליקווידאַציע־וואָך פון 5־טן פעברואַר 1943 און דער דורכ־פאַל פון דער סאַמאָאָבאָראָנע (זעלבסטפאַרטיידיקונג), האָט די יוגנט פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע, געפאָדערט צו לייגן די גאַנצע אַכט אַף געווער און אַף דעם קאַמף אין וואַלד. די עלטערע טייל פון דער אָרגאַ־ניזאַציע האָט געפּרוּווט שטילן דעם געדאַנק דערקלערנדיק, אז דער וואַלד קען ניט אויפנעמען קיין סאַך מענטשן און עס בלייבן אין געטאָ עלטערע מענטשן און קינדער וועלכע מ׳דאַרף פאַרטיידיקן. זייער מיינונג איז געווען, אז אַף א צווייטן מאָל דאַרף מען אויסבעסערן די פאַרטיידיקונג. א כאַ־

# פראַלקע קאַט

ווערטע, יעודיטע*) האָט שטאַרק פּאַרטיידיקט דעם געדאַנק פון דער יוגנט און אַף ריי זיצונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען איז אַנגעוויזן געוואָרן, אַז אויב דער וואַלד האָט ביזן 5־טן פעברואַר געהאַט ווינציק דערגרייכונגען און, פאַרקערט, פיל קאָרבאָנעס איז דאָס דערפאַר, ווייל עס איז געווען ווייניק געווער און, אַז דעריבער דאַרף מען שיקן מער מענטשן און מער געווער און אויפזוכן אַ קאָנטאַקט מיט אַנדערע וועלדער ווו עס זיינען דאָ מערער רוסישע פּאַרטיזאַנער.

ניט אַלע זיינען דערמיט מאַסקים געווען און עס איז פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג. די כאַווערטע יעודיטע איז אַרויס פון דער אָרגאַניזאַציע מיט אַ גרופּע יוגנטלעכע און אַף אייגענער האַנט אָנגעהויבן פירן אַ טעטיקע אַרבעט. איך בין אַרויס מיט יעודיטעס גרופּע און פיבערהאַפט האָט מען אָנגעהויבן אַרבעטן אַף דעם נייעם וועג. די עלטערע כאַווירים פון דער פריערדיקער אָרגאַניזאַציע האָבן אַפילע געפּרוּווט שטערן מיט פאַרשידענע בילבולים, אָבער עס האָט גאָרניט געהאָלפן. די אָרגאַניזאַציע איז זיך שטאַרק צעוואַקסן.

אין די וועלדער אַרום ביאַליסטאָק ווו מ׳האָט באַשטימט צו שאַפן די פּאַרטיזאַנקע האָבן זיך געפונען זייער קליינע גרופּעס פּאַרטיזאַנער, מערסטן זיינען זיי באַשטאַנען פון אַנטלאָפענע רוסישע קריגס־געפאַנגענע און פון איינצלנע אידן פון דער פּראַווינץ, וואָס איז שוין לאַנג געווען ליקווידירט. די אַרבעט פון די רוסישע פּאַרטיזאַנען גרופּעס איז באַשטאַנען אין פאַר־שידענע שטערערישע אַרבעטן, אַראָפּלאָזן באַנען פון די רעלסן, שיסן פּוילישע אַגענטן וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיטן דייטש א. א. וו. מיר האָבן אָנגעבונדן קאָנטאַקט מיט אַזאַ גרופּע וועמענס פירער עס איז געווען אַפּראַנאַסיטש, באַ וועמען מיר האָבן געבעטן שטיצע און ער זאָל אונדז העלפן שאַפן און לערנען אונדזערע כאַווירים ווי זיך צו האַלטן אין וואַלד.

די ערשטע כאַווירים אונדזערע וואָס זיינען אַרויס אין וואַלד האָבן

*)דער ריכטיקער נאָמען אירער איז ניט באַקאַנט. זי האָט געשטאַמט פון וואַרשע און איז געווען פון די ערשטע וועלכע האָבן אָרגאַניזירט די ווידערשטאַנד באַוועגונג אין ביאַליסטאָק. זי איז געפאַלן בעייסן אויפ־שטאַנד, דעם 16־טן סעפּטעמבער 1944, אין ביאַליסטאָקער געטאָ.

נאָך ניט פאַרשטאַנען, אַז מיט געווער קען מען שאַפן עסן, נאָר האָבן איינגעשטעלט דאָס לעבן גייענדיק פון וואַלד אין געטאָ קויפן עסן פאַר געלט(!) דאָס האָט געבראַכט א סאַך שוועריקייטן און צו טעג פון הונגער. אַפּראָנאַסיטשעס גרופּע האָט אונדז אויפגענומען און געלערנט די כאַוויי־רים ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט געווער און אויך, אַז עסן דאַרף מען ניט קויפן פאַר געלט. און אַזוי איז טאַקע געווען: איך בין אַרויס אין וואַלד מיט זעכציק מאַרק און געקומען מיט דעם צוריק נאָכן קריג.

## מען פאַרגרייט געווער און מען שיקט מענטשן אין וועלדער

אין געטאָ האָט די אָרגאַניזאַציע באַשטימט אַף זיצונגען צו שאַפן וואָס מער געווער אַף צו שיקן אין וואַלד. אַזוי האָט מען אַרויפגעלייגט אַף יעדן כאַוועה, באַ וואָס ער זאָל ניט אַרבעטן, אַז ער מוז ברענגען טיילן פון געווער. עס איז אויך געווען באַשטימט צו מאַכן גנייוועס באַנאַכט אין די פאַבריקן פון געטאָ וווּ עס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן דייטשישע מונ־דירן. די דאָזיקע מונדירן פלעגן מיר אַרויסטראָגן אין וואַלד צו די רוסישע גרופּעס פאַרוואָס זיי פלעגן אונדז געגעבן געווער. אויך ראַדיאָס פלעגן מיר אויפשטעלן און אַרויסטראָגן אין וואַלד. אַזוי האָבן מיר פאַר איין ראַדיאָ און אַ פּאָר דייטשישע קאָסטיומען באַקומען מיט איין מאָל אַ פּולעמיאָט מיט אַכט ביקסן. אַף דעם סמאָך האָבן מיר שוין געקענט אַרויסשיקן אַ סאַך כאַוויירים אין וואַלד.

די גרופּע אונדזערע האָט זיך אַנגעהויבן פאַרגרעסערן און מיר האָבן געבעטן אַ קאָמאַנדיר, וואָס זאָל מיט אונדז אַנפירן. מיר זיינען אַוועק באַ־זונדער מיט אַ רוסישן קאָמאַנדיר, וועלכער איז געווען מיט אונדז און געלערנט צו האַלטן קאָנטאַקט מיט די רוסישע גרופּעס. אַף צעשטערערישע אַרבעטן פלעגן מיר גיין צוזאַמען. עס האָט זיך אויך געפונען אַ רוסישע גרופּע וואָס האָט געהייסן לויט איר פירער גראַזאַ, זייער אַן ענערגישע גרופּע. דער וואַלד האָט באַקומען אַ זייער אינטערעסאַנטע לעבנס־געשיכטע, וואָס האָט זיך אין אַ גרויסער מאָס געשטיצט אַף דער הילף פון געטאָ.

# פראָלקע קאַט

אין געטאָ האָט יעדער כאַווער, וואָס איז געווען באַשטימט ארויסצוגיין אין וואַלד געמוזט אַדורכמאַכן אַ צוגרייטונג, ווייל פיל כאַווירים האָבן ניט געוווּסט ווי זיך צו באַגיין מיט געווער. אין אַ צימער אַף טשיסטע גאַס פלעגן קומען די באַשטימטע כאַווירים צו צוגרייטן זיך. מען פלעגט אויסשטעלן בענקלעך און מיט געווער זיך איבן צו צילן אין זיי. אַ באַזונדערע ליבשאַפט האָט ארויסגערופן דער ביקס מיט וועלכן מען פלעגט ליגן אַפן פאָדלאָגע און מאַכן פאַרשידענע איבונגען. מיר האָבן אויך צוזאַמענגעשטעלט באָמבעס אין געטאָ. איינמאָל אין אַ שיינעם טאָג איז די געטאָ אויפגעציטערט געוואָרן פון אַ שטאַרקן אויפרייס אַף טשיסטע גאַס נומער 8, ווו דריי כאַווירים אונדזערע האָבן געמאַכט אַ באָמבע. די דריי כאַווירים זיינען צעריסן געוואָרן אַף שטיקער. עס איז אראָפּגעקומען אַ דייטשישע קאָמיסיע און מען האָט געשמועסט, אַז דער יודן־ראַט האָט פאַריבן דעם איניען. אזוי ווי אונטן איז געווען אַ בעקעריי האָט מען אויסגעטייטשט, אַז דאָס האָט אויפגעריסן דער אויוון פון דער בעקעריי.

צו יענער צייט האָט מען אויך דערשטאָכן אַ מאָסער וואָס האָט געארבעט אין דער געסטאַפּאָ. ער האָט נאָך אונטערגעלעבט עטלעכע טעג אין שפיטאָל און עס פלעגן אים קומען מעוואַקער כוילע זיין זיינע כאַווירים. דאָס האָט אויסגענוצט די אָרגאַניזאַציע. צוויי כאַווירים זיינען געקומען פון וואַלד מיט געווער און אָפּגעוואָרט, ווען עס איז ארויסגעגאַנגען איינער פון די מאָסרים פון שפיטאָל, האָט מען געשאָסן אַף אים און אים געהאַרגעט. (דורך אַ צופאַל איז אויך דערהאַרגעט געוואָרן אַ זייטיקער מענטש). אַט אזוי האָט אויך דער וואַלד מיטגעאַרבעט מיטן געטאָ.

---

אין וואַלד האָט מען שוין קיין עסן נישט געדאַרפט טראָגן. די כאַווירים האָבן זיך אויסגעלערנט אַליין שאַפן עסן, מיט דער הילף פון געווער, צווישן דער אַרומיקער באַפעלקערונג, וועלכער מ'האָט גלייכצייטיק אויפגעקלערט, אַז אונדזער קאַמף איז אויך אַ קאַמף פאַר זייער באַפרייונג. זיי האָבן זיך גוט באַצויגן צו אונדז, פיל געהאָלפן, געבנדיק יעדיעס וועגן דעם ווו עס געפינען זיך די דייטשן און וויפל זיי זיינען. זיי האָבן ניט אָפּגעקערט פון אונדז זייער סימפּאַטיע. מיר פון אונדזער זייט פלעגן שיסן די אַגענטן פון דער געגנט וואָס פלעגן זיי אָנטאָן צאָרעס, און אונדז אויך,

## חורבן ביאַליסטאָק

אין דער אַרבעט איז אַלעמאָל אויסגעקומען דורכצומאַכן דערפאַרונ־
גען. איינמאָל האָט מען באַשטימט אַרויסצושיקן 10 מאַן מיט געווער אין
וואַלד. זיי זיינען באַנאַכט אַריבערגעקראָכן דעם פּאַרקאַן און געוואָלט
אַריבערגיין די ליניעס באַם ביאַליסטאָטשעק. פינף זיינען אַריבער, אָבער
די אַנדערע פינף ניט, ווייל אין דעם איז אָנגעפאָרן אַ באַן. דערווייל איז
אָנגעקומען אַ דייטשער פּאַטרול וועלכער האָט זיי באַמערקט און גענומען
שרייען: שטיין בלייבן! דער כאַווער דאַטנער האָט גלייך געשאָסן אויף זיי
און איינעם פאַרוואונדעט. עס איז געוואָרן אַ ליאַרעם, מען האָט אָבער אָנגע־
האַלטן די שיסעריי און מיט עטלעכע מעג שפּעטער אַריין אין געטאָ. דאָס
געווער האָט יעדער איינער באַזונדער באַגראָבן אויף אַ באַשטימטן אָרט.
פון דעם האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אַז פּאַרטיזאַנער האָבן זיך געוואָלט
אַריינרייסן אין געטאָ, אַז עמעסע סענסאַציע. מיר האָבן זיך אויף די פעלערן
געלערנט. אַנשטאָט קלעטערן איבערן פּאַרקאַן האָט מען אַרויסגענומען
עטלעכע ברעטער, וועלכע פלעגן זיך אַריינשטעלן צוריק אַזוי, אַז עס זאָל
ניט זיין קאָנטיק. וואָס אַמאָל מיט מער פאַרלייכטערונגען זיינען כאַווירים
אַרויסגעשיקט געוואָרן אין וואַלד. זיי פלעגן מיט זיך מיטנעמען געווער און
רעפּועס און אַנדערע זאַכן, וואָס מ'האָט נאָר געקענט. די זאַכן פלעגן
אַרויסגעטראָגן ווערן דורך דער פאַרמיטלונג פון כאַווער זאַלמען פינקעל
וועלכער פלעגט פירן מיסט אויסערן געטאָ אין די דערפער, און פלעגט די
זאַכן אויסבאַהאַלטן און אַרויספירן. אַזוי האָט די יוגנט געקעמפט.

## איך ראַטעווע זיך פון טאַליענס הענט

די קעסיידערדיקע כאַפּונגען הערן נישט אויף און, אַזוי ווי אונדזער
פאַמיליע מיידט קיין צאָרע נישט אויס, איז מען טאַקע אַ געוויסע נאַכט
געקומען אויך מיך נעמען. אַ אידישער פּאָליציאַנט שלעפּט מיך אַרויס פון
בעט און פירט מיך אַוועק אין „סינג־סינג" — אַזוי האָט מען גערופן די
טורמע ווו מען האָט געהאַלטן די אַרעסטירטע אין געטאָ. איך דערוויס זיך,
אַז מ'דאַרף דריי מאָלערס אין אַ לאַגער אויף אַגוסטאַוו צו דער אַרבעט. איך
און נאָך צוויי מאָלערס זיצן שוין אונטער די קראַטעס און וואַרטן מ'זאָל
אונדז איבערגעבן דער געסטאַפּאָ. די מאַמע קומט צו אַ פאַרוויינטע צו די

# סראָלקע קאַט

קראַטעס און פרעגט, וואָס טאָן? בייבע וויל מיך פאַרבייטן, גיין אַף מיין אָרט, אָבער איך וויל ניט. איך טרייסט דער מאַמען און אַליין דריי איך זיך אַרום הין און צוריק אין צימערל, קוק אַף די אויפשריפטן אַף די ווענט פון מענטשן וואָס זיינען דאָ געזעסן און אַוועקגעשיקט געוואָרן אין פאַרשי־דענע לאַגערן פון וועלכע אַ סאַך לעבן שוין ניט.

אידישע פּאָליציי טרייבט אַפּ דער מאַמען. ס'פאָרט צו אַן אויטאָ פון געסטאַפּאָ פון וועלכן עס גייט אַרויס אַ גראָבער דייטש מיט אַ שוואַרץ היטל מיט אַ טויטן־הערב. ער טוט אַ געשריי צו די פּאָליציאַנטן וועלכע טאַנצן פאַר אים אַף די לאַפּעס. מען שליסט אַפּ די טיר און מיר גייען אַריין אין טאַקסי. די מאַמע שטייט אין אַ ווינקל פון גאַס, פאַרבראַכן די הענט און מיט פאַרשוואָלענע אויגן. מען פירט אונדז צו צום געסטאַפּאָ הויף וווּ מ'הייסט אונדז אַרויסגיין פון אויטאָ און וואַרטן. אַפן הויף פון געסטאַ־פּאָ שטייען פיל מענטשן צוגעשטעלט מיטן פּנים צו דער וואַנט פון אַ מויער, קענסט ניט זען ווער עס איז, אָבער אַלע צעשלאָגן, ווער פאַרבלו־טיקט און ווער פאַרבאַנדאַזשירט. איינער פאַלט פון לאַנג שטיין, גייט צו דער וואָס היט אים מיטן ביקס און שלאָגט אים אַזוי לאַנג וווּ ער טרעפט, ביז יענער שטעלט זיך אויף און שטעלט זיך ווייטער בא דער וואַנט. עס הערט זיך פון צייט צו צייט אַ האַרצרייסנדיקער געשריי פון אַ מענטש וואָס מען פּייניקט ערגעץ אין אַ צימער פון הויף. און אַפן הויף דרייען זיך אַרום הין און צוריק מענטשן וואָס אַרבעטן דאָ, ווי עס וואָלט גאָרניט געשען. זיי אַרבעטן שוין דאָ דריי יאָר צייט און זעען דאָס יעדן טאָג.

וואָס טוט מען? — קלער איך — איך שטיי שוין אַ שאָ צייט און וואָס וועט מען מיט מיר ווייטער טאָן? דערווייל אָבסערוויר איך, אַז לעבן טויער שטייט אַ דייטש מיט אַ ביקס און קאָנטראָלירט קיינעם ניט פון די אַרבעטער וואָס גייען אַרוים מיט געצייג. איך רייס אַראָפּ די געלע לאַטע און נעם אַ בערשטל וואָס ליגט אַפן הויף, הויב אָן צו ריידן צו אַ אידישן אַרבעטער וואָס גייט אַרויס צום טויער אַף אַרבעט און גיי גלייך מיט אים ריידנדיק, ווי איך וואָלט געאַרבעט צוזאַמען מיט אים. דער דייטש וואָס איז געשטאַנען באַם טויער לאָזט אונדז דורך.

אָפּגייענדיק אַ שטיקל וועג, זאָג איך צום אידן ער זאָל נעמען דאָס בערשטל און לאָז מיך גיין גלייך צום וואַלד. איך גיי צוליב געוואוינהייט

אפן ברוק, אָבער באַלד דערמאָן איך זיך, אַז איך מוז גיין אפן טראָטואַר, ווייל אַז לאַטעס גייט מען אפן טראָטואַר. אַרומקוקנדיק זיך ווי אַ האָז גיי איך גלייך צום געטאָ אַ היים. איך קריך אַריבער דעם פּאַרקאַן פון הויף ווו איך האָב געאַרבעט און קום אַריין צו אַ פּאָר אידן טאַפּיצירער וואָס אַרבעטן אין אַ באַזונדער צימער. זיי פאַרשטייען באַלד, אַז איך בין אַנטלאָפן! און זיי באַהאַלטן מיר אונטער די מאַטראַצן וואָס ליגן אָנגעלייגט. אין געטאָ ווייסט מען, אַז איך בין אַרעסטירט און די דייטשן טאָרן מיר ניט זען. די אידן באַהאַלטן מיך גוט, גיבן מיר אָפּצועסן און מען באַשליסט, אַז איך זאָל צוזאַמען מיט זיי אַריינגיין אין געטאָ. אָבער, דאָ וועט דאָך זיין איינער אַז איבעריקער. גייט אַריין איינער אַ כאַווער פאַר מיר איבערן פּאַרקאַן, איינשטעלנדיק זיין לעבן און דעם דייטש, ער זאָל מאַכן אַ שווייג, גיט מען עטלעכע מאַרק. איך לאָז אַראָפּ דאָס היטל איבער די אויגן, בייט די זאַכן מיט אַ כאַוועער און גיי אַריין אין געטאָ. איך שלאָף איבער די נאַכט בא אַ כאַווערטע און באַטאָג גיי איך אין אַ צווייטן אָרט. אַזוי באַהאַלט איך זיך אוים צוויי טעג. רייצעלע ברענגט מיר עסן פון שטוב.

## אונדזער נייער כאַוועער — די ביקס

איך זע, אַז ס'איז אַן אומזין זיך אויסצובאַהאַלטן און איך ווענדע זיך צו דער אָרגאַניזאַציע, אַז מען זאָל מיר אָן דער ריי שיקן אין וואַלד, נעמענדיק אין אַכט מיינע באַדינגונגען. זיי אָנערקענען דאָס און דעם 12־טן אויגוסט 1943 באַטאָג, מעלדעט מען מיר איך זאָל קומען אָף אַ פּונקט, ווו עס וועט קומען אַ כאַוועער און מיר אָוועקפירן אַפן אָרט פון וועלכן איך וועל דאַרפן אַרויסגיין אין פּאַרטיזאַנקע.

עס פאַלט צו דער אָוונט און עס ווערט פינצטער. דאַן גאַנווע איך זיך דורך דאָס שטיקל גאַס און גיי אַריין אין שטוב זיך געזעגענען. בייבע גייט אַרוים פאַרן גאַס אַכטונג געבן צי קיינער גייט נישט. איך קלער אויף דער מאַמען, אַז אַלציינס קען איך שוין ניט פאַרדינען אין שטוב, ווייל מ'זוכט מיך, און איך מוז אַרויסגיין אין וואַלד. זי ווערט בלאַס און ענטפערט גאָרניט. ס'ווערט שטיל אין שטוב. איך גיי צו צום טאַטן וואָס ליגט אין בעט און צעקוש זיך מיט אים. די מאַמע שטייט נאָך אַלץ אפן זעלבן אָרט

שווייגנדיק. איך נעם זי אַרום און אַ וואַרעמע טרער פאַלט מיר אָפן באַק. זי שעפּטשעט אויס: זיי מאַצליעד מיין קינד. רייצעלע גייט אַרויס פון שטוב. איך לאָז איבער געלט און שפייז אַף צוויי וואָכן צו לעבן, נעם די בורקע (קורץ ווינטערדיק רעקל) און גיי אַרויס. בייבע באַגלייט מיך ביז דער שטוב וווּ איך דאַרף אַריינגיין. אַריינגיין דאָרטן טאָר ער ניט.

אין שטוב זיצן שוין צען מאַן. אַלע שווייגן און קוקן זיך אָן. צוויי באַווירים וואָס זיינען געקומען פון וואַלד נאָך באַנדאַזשן און אַנדערע זאַכן, שמועסן וועגן וואַלד און וועגן דער צוגרייטונג פון נייע מענטשן אַף דער קומענדיקער וואָך. עס פילט זיך, אַז די מענטשן פון וואַלד זיינען שוין עפּעס אַנדערע מענטשן, זיי האָבן גאָר אַן אַנדער אינטערעס אין לעבן.

באַווערטעס פאָרען זיך אַרום באַם צוגרייטן אונדזערע רוק־זעק, זיי גיסן אָן וואַסער אין מאַנאַשקעס. מען ברענגט אַריין עטלעכע ביקסן און שפּעט באַנאַכט קריכן מיר פּאַמעלעך צו, צו צוויי מאַן, צום פּלויט. מען עפנט אויף אַ ברעט און שטיל, ניט אָטעמענדיק אַפילע, גייט מען אַרויס. די ערשטע פאַראָרדענונג איז: שיסן באַלד אויב מען טרעפט אַ דייטש אָדער פּאָליציאַנט וואָס וועט שטערן. מיר גייען אַרויס איינער נאָכן אַנדערן און דורך ביאַלאָסטאָטשעק צום וועג אַף קנישינער וואַלד, דער ערשטער פּונקט אונדזערער.

די נאַכט איז שטיל. מיר גייען מיט די ביקסן גרייט יעדע מינוט צום קאַמף. עס שמעקט שוין אַן אַנדער לופט, פילסט זיך שוין עפּעס מער מענטש און קריגסט שוין אַביסל מענטשלעכע ווירדע, גייסט שוין אָן לאַטעס, פריי! דער בעסטער באַוועכער דיינער איז איצט די ביקס, וואָס פאַראַט קיינמאָל ניט. אָבער מיר טאָרן דעם באַוועכער ביקס אויך ניט פאַראַטן: ביזן לעצטן קויל — די לעצטע איז פאַר זיך — , אַזוי פאָדערט פון אונדז די נייע מאָראַל, דער געמיינזאַמער אָפּמאַך וואָס דאַרף און מוז ברענגען דעם זיג.

ווען עס הויבט אָן צו טאָגן קומען מיר צו אַ פּונקט וווּ עס איז פריער געווען אַ לאַגער אַף אַ קליין בערגל. איצט איז דאָרט אַ גרוב, אַלץ צעוואָרפן און צעשטערט פון גראַנאַטן. דער וואָס פירט אונדז דערציילט: מיט צוויי וואָכן צוריק האָט דאָ אונדזער גרופּע געהאַט אַן אָנפאַל און קאַמף מיט דייטשן און געליטן אַ קאָרבן, דעם באַוועכער פישל. אַ פּאָר צענדליק מעטער

# חורבן ביאַליסטאָק

ווייטער איז דעם כאַווער פישלס קייוועך — נאָך אַ פריש אָנגעשאָטן בערגל. מיר שטייען ארום קייוועך און קוקן יעדער איינער פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען, מיר געזעגענען מיט אונדזערע בליקן דעם קייוועך און הייבן אָן גיין צום נייעם אָרט, ווו אונדזערע כאַווײרים געפינען זיך.

מיר קומען אַהין ווען עס הייבט ערשט אָן טאָגן. אַ כאַוועך וואָס שטייט אַף דער וואַך נעמט אונדז אויף מיט אַ שמייכל, דריקט שטיל יעדן איינעם די האַנט און צעקושט זיך, פרעגט וואָס ס׳הערט זיך אין געטאָ. צווישן ביימער אַ קליין פייערל, אַף אַ שטעקן הענגען צוויי קעסלען אין וועלכע עס קאָכט זיך עסן, שוין אָנגעגרייט פאַר אונדז — זיי האָבן געוווּסט, אַז היינט דאַרפֿן אָנקומען נייע כאַווײרים.

מיר זעצן זיך ארום פייער אויסטריקענען זיך פון דער פאַרטאַגיקער פייכטקייט, וואָס האָט דורכגענעצט די קליידער. מען גיט אונדז עסן אַ געדיכטע קאַשע און פיל פלייש — שוין לאַנג קיין פלייש ניט געגעסן! מען זאָגט אונדז אויך, אַז היינט דאַרפֿן קומען דער כאַוועך כאַים כאַלעף מיטן קאָמאַנדיר פון די אַנדערע וועלדער וואָס זיינען געגאַנגען אונטערהאַנדלען מיט דער גרופּע פון זעלבן געטאָ, וואָס געפינט זיך אין סופּראַסלער וואַלד. מען ווייזט אונדז אָן דעם אָרט, ניט ווייט פון פייער, ווו מיר דאַרפֿן זיך לייגן שלאָפֿן, זיך ניט אויסטאָן, די ביקס אין האַנט. פון איצט אָן דאַרפֿן מיר זיין גרייט יעדע מינוט אַף קאַמף, ווייל מען ווייסט ניט ווען דער דייטש קען צו אונדז קומען.

אָבער, עס שלאָפֿט זיך ניט. וואָס צו קלערן פעלט ניט. די כאַווײרים וואָס זיינען שוין לענגער אין וואַלד שמועסן זיך זייערע איניאָנים, מיר קענען נאָך וועגן דעם קיין וואָרט ניט נעמען — עס איז אינגאַנצן אַן אַנדער שפּראַך. זיי באַרויִקן אונדז וועגן פאַרשידענע קוילעס וואָס הערן זיך פון צייט צו צייט אין וואַלד, זאָגן אַז דאָס איז גאָרניט, מירן זיך צוגעוואוינען און אויך קענען אונטערשיידן שפּעטער וואָס דאָס איז אזוינס.

אַף צומאָרגנס קומט אָן דער קאָמאַנדיר, אַ יונגער רוס מיט אַ גוטמוטיקן און פריילעכן פּנים, באַגריסט זיך מיט יעדן איינעם באַזונדער, זעצט זיך אויך צווישן אונדז, פרעגט אוים פאַרשידענע זאַכן און דערציילט גלייכצייטיק די נייעס וואָס ער האָט געבראַכט פון יענע וועלדער. ער גיט אונדז איבער, אַז עס שאַפט זיך איצט אַ פאַרבאַנד פון אַלע גרופּעס וואָס

## טרעבלינקע קאַמף

געפינען זיך אין די וועלדער, עס ווערט געשאַפן אַ שטאַב און אַלע גרופּעס ווערן קאָנצענטרירט אין באַשטימטע ערטער אין סופּראַסלער וואַלד און אַרום. מיר דאַרפן זיך אויך דאָרטן איבערקלייבן און מיר ווערן לויט אַ באַפעל פון שטאַב באַזעצט אויף אַ געוויסן אָפּשניט, וווּ זיי זאָלן וויסן אונדז איבערצוגעבן די באַפעלן.

מיר הויבן זיך אָן צוגרייטן צום אַרויסגיין. מען טיילט צו יעדן איינעם וואָס האָט געדינט אין מיליטער די מער וויכטיקערע שטיקלעך געווער. איך באַקום דעם פּולעמיאָט (קוילנוואַרפער) פון 16 קילאָ מיט 63 קוילן אין איין טאַץ, וועלכע ער וואַרפט אַרויס מיט איין מאָל.. דער פּולעמיאָט הייסט דאַנסקאַי, צוליב זיין פריערדיקן באַלעבאָס, אַ דאָנער קאָזאַק. מען גיט נאָך צו צוויי טאַצן מיט 124 קוילן און מ'ווייזט מיר ווי זיך צו באַגיין מיט אים, ווייל איך האָב געקענט אַנדערע מאַרקעס. ווי נאָר עס פאַלט די נאַכט הויבן מיר אָן זיך צוגרייטן צו דער ערשטער באָמביאַזשקע*) און נאָכדעם פאַר־לאָזן מיר דעם וואַלד און גייען איבער אין סופּראַסלער.

## דער אויפשטאַנד פון ביאַליסטאָקער געטאָ

(די לעצטע פאַרניכטונג פון די איבערגעבליבענע 40 טויזנט אידן)

באַם אויפשטאַנד אין געטאָ, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דעם 16־טן אויגוסט 1943, בין איך שוין ניט געווען. מיט פיר טעג פריער האָט מען מיר אַרויסגעשיקט אין וואַלד און דאָרט זיינען מיר געשטאַנען אויף די פּאָסטנס אופּצונעמען די קאַמפס כאַוויירים און אידן, וואָס זיינען געלאָפן אין וואַלד. פון זיי האָב איך זיך דערוווּסט גענוי וואָס עס איז פאָרגעקומען און אויך וואָס פאַר אַן אויפן דער אויפשטאַנד איז דערשטיקט געוואָרן.

די לעצטע צייט האָבן די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס אַלץ אינ־טענסיווער געאַרבעט און מ'האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן אויסברייטערן די אַרבעט אַריינציענדיק וואָס מער אָרגאַניזאַציעס און זיך פאַראייניקן אין איין

---

*) „באָמביאַזשקע" פלעגן די פּאַרטיזאַנער רופן דאָס אַרומרינגלען באַנאַכט אַ דאָרף, אַרומשטעלן מיט געווער און נעמען עסן און קליידונג, וואָס איז נויטיק.

# חורבן ביאַליסטאָק

קויער. אונטערן דרוק פון „וואלד" איז צושטאַנד געקומען די פאַרייניקונג פון דער אַזוי גערופענער יעהודים־גרופּע מיט דער אַלטער אָרגאַניזאַציע און מען האָט שוין אויך געוואַלט אַריינציען די כאַלוצישע גרופּעס אין דער צוזאַמענאַרבעט. באַראַש האָט זיך שוין אויך געווענדעט און געזוכט די פירער פון דער אָרגאַניזאַציע. ער האָט טיילווייז געשטיצט די ציעניסטישע כאַלוצישע באַוועגונג מיט געלט, אָבער ער האָט געוווּסט, אַז דאָס איז ניט דער עמעסער קויער אַף וועלכן מען קען זיך שטיצן און געזוכט צו שמועסן



א טראַגישער בילד: מען פירט ארויס דעם מעדיצינישן פערסאָנאַל פון ביאַליסטאָקער שפּיטאַל אָפּן וועג קיין טרעבלינקע

מיט דער פּוילישער אָרגאַניזאַציע. די דייטשן האָבן אָבער געאַרבעט פיל גיכער...

אין דעם פרימאָרגן פון 16־טן אויגוסט האָט מען פּלוצלונג ארומגע־שטעלט דעם געטאָ, באַזעצט דעם יודן־ראַט און געמאָלדן, אַז אַלע אידן

# פ ר אָ ל ק ע  ק אַ ט

ווערן ארויסגעפירט אַף ארבעט (דער אַלטער פּיזמען). אַלע האָבן שוין פאַרשטאַנען וואָס דאָס באַדייט ווען מען רופט אויך קינדער און גרייז־גרויע „אַף אַרבעט". די אָרגאַניזאַציע מיטגלידער האָבן זיך באַלד געשטעלט אַף די אָפּגערעדטע פּונקטן אַף טשעפּלע, נאָוואָגרודזקע און כמיעלנע. עס איז פּאַרטיילט געוואָרן געווער און עס איז באַשלאָסן געוואָרן אָנצוהויבן דעם קאַמף מיטן באַשיסן דעם פּאַרקאַן, וואָס איז געווען ארומגערינגלט מיט דייטשן און זיך אַדורכרייסן אין וואַלד מיטנעמענדיק פּיל אידן. מען האָט אונטערגעצונדן עטלעכע פאַבריקן און אָנגעהויבן אַ שטאַרקע שי־סעריי פון די הויפן און הייזער אַף די דייטשן וואָס האָבן פּאַטרולירט אין געטאָ און וואַרפן גראַנאַטן צום פּאַרקאַן, קעדיי זיך צו קענען דורכרייסן. פּיל דייטשן זיינען געפאַלן און די רעשט האָבן זיך צוריקגעצויגן.

זעענדיק די האַלטונג פון די קעמפער — דער קאַמף האָט געדויערט אַ האַלבן טאָג — האָבן די דייטשן שפּעטער אַריינגעפירט אין געטאָ עט־לעכע טאַנקען וועלכע האָבן צעטיילט די גאַסן און אָפּגעשניטן די פּאַר־בינדונג צווישן די גרופּעס. זיי האָבן אויך פאַרשטאַרקט די וואַך ארום פּאַרקאַן און עס איז געווען אומעגלעך זיך דורכצורייסן. די כאַוויירים האָבן געקעמפט אַ גאַנצן טאָג.

ניט האָבנדיק קיין פאַרבינדונג מיט די פירער און ניט וויסנדיק וואָס ווייטער צו טאָן, זיינען די גרופּקעס געוואָרן אַלץ שיטערער — פּיל כאַ־וויירים זיינען געפאַלן, די רעשט האָבן געקעמפט אונטערציגנדיק די הייזער וועלכע מען האָט געמוזט פאַרלאָזן.

אַ גרויסע שטערונג איז געווען, וואָס די גראַנאַטן וועלכע זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן אין געטאָ האָבן ניט אויפגעריסן, צוליב דעם וואָס זיי זיינען געלעגן אין אַ פייכטן אָרט די גאַנצע צייט.

אונדזער ברודער לייבל (בייבע) האָט ווי אַ דיסציפּלינירטער מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציע זיך באַלד פאַרטאָג געשטעלט אין קאַמף, פאַר־לאָזנדיק די שטוב. ער באַקומט געווער און קעמפט אפן פונקט ווו מען האָט אים באַשטימט אַף נאָוואָגרודזקע גאַס. בא אַן אַטאַקע אפן פּאַרקאַן ווערט ער פאַרוווּנדעט אין האַנט, אָבער ער פאַרלאָזט ניט דעם קאַמפּס־פּלאַץ און קעמפט פאַרוווּנדערטערהייט ביז פאַרנאַכט. שפּעטער דערוויסן זיי זיך, אַז מען דאַרף זיך מאַסקירן און צוזאַמען מיט די איבעריקע אידן זיך צושטעלן

# חורבן ביאַליסטאָק

צום באַנהויף, קעדיי נאָך דעם אַרויסשפּרינגען פון באַן און זיך לאָזן אין וואַלד. צוזאַמען מיט עטלעכע כאַוויירים, וואָס באַנדאַזשירן אים די ווונד, כאַפּן זיי זיך אַריבער צו דער מאַסע מענטשן וועלכע ווערן געפירט אין רייען צום באַן און שפּעטער, ווען זיי זיינען שוין אין באַן רייסן זיי אויף א ברעט און שפּרינגען אַרויס, נאָך דער סטאַציע לאַפּע. עס געלינגט אים צו דערקריגן זיך אין וואַלד, אָבער ניט ווי איך און אַנדערע זיינען געווען, נאָר אין די ברײנסקער וועלדער. דאָרטן זיינען נאָך קיין פּאַרטיזאַנער ניט געווען. 4 מאָן לעבן זיי אין וואַלד אַן געווער, קאָמבינירנדיק עסן אַף פּאַר־



בייבע, אומגעקומען צו די צוויי און צוואַנציק יאָר

שידענע אויפאַנים. דאָס האָבן מיר דערציילט די וואָס זיינען געווען מיט אים. פאַר דער צייט היילט זיך אים אויס די האַנט, און אַזוי האָבן זיי געלעבט ביז ווינטער. אָבער ווינטער האָבן די פּאָליאַקן, נאָך די שליאַדעס זייערע, דערגאַנגען ווו זיי געפינען זיך און עס האָט געדראָאַט, אַז זיי זאָלן קומען זיי דערמאָ־דן. זיי האָבן דעריבער באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דעם אָרט, זיך צעטיילנדיק אין צוויי גרופּעס צו צוויי מאָן. פון בייבען און זיין כאַווער

## פ ר אַ ל ק ע  ק אָ ט

איז פון דאַן אַן קיין ווייטערדיקע יעדיעס ניט געווען. די אַנדערע צוויי זיינען געבליבן לעבן. איך האָב מיט איינעם פון זיי גערעדט. מיט דעם פאַרענדיקן זיך בייבעם 22 יאָר יונגן לעבן. זאָל כאָטש זיין פאַר אונדז אַ טרייסט זיין האַלטונג און ווירדיקע מענטשלעכע שטעלונג, קעמפנדיק פאַרוואונדערטערהייט, ניט אָנווערנדיק דעם מוט. קאָוועד זיין אָנדענק און שטאָלץ פאַר אונדז אַלס ברידער, קינדער פון פאָלק!

## דער גרויזאַמער סאָף

דער קאַמף פון דער אידישער באַפעלקערונג איז ליקווידירט געוואָרן באַלד אין די ערשטע פאַר טעג. דער דייטש האָט נאָך אַלץ געפרוווט אָפּ־נאַרן די אידן און זיי צעטיילן זאָגנדיק, אַז עס בלייבט נאָך אַ קליינער געטאָ, און אָפּטיילנדיק אַ געוויסע צאָל אידן אַף פאַבריטשנע גאַס, וווּ זיי האָבן קלוימערשט געדאַרפט ווייטער לעבן האָט ער זיי אויסגענוצט אַף אויפצוראַמען די פאַבריקן און אַרויספירן די מאַשינען און דערנאָך אויך אומגעבראַכט.

טויזנטער זיינען דערשאָסן געוואָרן אין שטאָט, אין די גאַסן פון געטאָ און פירנדיק איבער די גאַסן אויסערן געטאָ. לעבן באַן האָט מען צונויפגעקליבן אַלע פרויען, קינדער און מענער און געהאַלטן טעג אָן עסן און טרינקען, ביז די מענטשן פלעגן פאַרכאַלעשן און זיך שוין בעטן, אַז מען זאָל זיי פירן אין די וואַגאָנעס, ווייל דאָס איז שוין געווען „אַ ליזונג". מיט הונדערט פּראָצענט גרויזאַמער איז געווען די לעצטע פאַרניכטונג ווי די ערשטע פון 5־טן פעברואַר פון זעלבן יאָר, און עס איז אומעגלעך אַפילע אָנצוהויבן צו דערציילן. פיל מענטשן זיינען אַריין אין די „סכראָ־נעס" (באַהעלטענישן) וואָס מען האָט געהאַט צוגעגרייט, אָבער זיי פלעגן ווערן אויפגעדעקט ביסלעכווייז דורך די דייטשן. דורך דעם גאַנצן יאָר צייט וואָס די געטאָ איז געווען געשלאָסן ביז דעם אַריינגאַנג פון דער רויטער אַרמיי, פלעגט מען שיקן גרופּעס דייטשן מיט אַרבעטער פּאָליאַקן אויפצוראַמען די הייזער און אַרויספירן אַלץ וואָס איז געבליבן און, טרע־פנדיק אָזעלכע באַהעלטענישן מיט האַלב טויטע אידן פון ליגן מאָנאַטן לאַנג אויפגעשטיקט, ניט בייטנדיק קיין וועש, ניט געוואַשן און ניט פאַר־

קאַמט און זיך דערנערנדיק בלויז מיט טרוקענע שפּייז, פלעגן זיי די דייטשן צונויפקלייבן אין גרופּעס און אוועקפירן אונטערן שטאָט אין פּיעטראַשע אָדער נאָוואָשילקי, אויסגראָבן גריבער און נאַקעטערהייט דערשיסן. איינער אַ איד אַבעדזינסקי איז אַליין אַנטלאָפן פון אַזאַ לעבעדיקן גרוב. ער איז געקומען צו אונדז אין וואַלד און אַלץ דערציילט. פיל אידן האָבן מיר אויפגענומען אין וואַלד און געגעבן אַ נייע היים און געווער מיט דער מעגלעכקייט צו נעמען נעקאָמע פאַר דעם וואָס זיי האָבן מיט אונדז געטאָן.

מיט דעם איז מיין בלאַסע שילדערונג וועגן דער טראַגעדיע פון די אַריבער 60 טויזנט אידן אין ביאַליסטאָקער געטאָ אלס גאַנצע, פאַרענדיקט. עס בלייבן נאָך די שילדערונגען פון דעם קאַמף און לעבן פון דער געשאַפענער ביאַליסטאָקער פּאַרטיזאַנקע אין די וועלדער אַרום ביאַליסטאָק, וואָס איך וועל זיך באַמיען ווייטער איבערצוגעבן.

# מיין ערשטע באָמביאַזשקע

ווי נאָר עס איז געוואָרן טונקל און די נאַכט איז צוגעפאַלן האָט אונדז אויסגעשטעלט דער קאָמאַנדיר און אָנגעוויזן ווי זיך צו פירן מיט דער באַפעלקערונג ווען מירן אַריינגיין אין דאָרף; וואָס מען מעג פאָדערן און וואָס מען טאָר ניט. ער פאַרטיילט יעדן איינעם זיינע אויפגאַבן און מיר הויבן אָן צו גיין: דריי כאַווירים פאָרויס אין אַ „ראַזוויעטקע" (אויסשפּירונג), די רעשט, איינער אונטערן אַנדערן אין אַ ריי, שטיל צום באַשטימטן אָרט. דורך טייכלעך און בלאָטעס, דורך אַזוינע וועגן, וואָס קיין מענטשלעכע פוס האָט נאָך דאָ ניט געטראָטן, קומען מיר אָן צום דאָרף, וועלכן מיר זעען שוין פון דערווייטנס. מיר בלייבן שטיין, לייגן זיך אוים אָף דער ערד, זיך צוהערן און וואַרטן וואָס עס טוט זיך דאָרטן. מען שיקט אַריין עטלעכע כאַווירים זיך דערוויסן, ווי עס איז די לאַגע אין דעם געגנט, ווו עס שטייען דייטשישע פּאַטרולן, קעדיי צו וויסן דעם וועג וועלכן מיר דאַרפן דורכמאַכן, און ווו צו גיין. מיר וואַרטן ליגנדיק אָף זייערע צייכנס.

דער דאָרף טומלט מיט זיין שטענדיקן גערויש, הינט רייסן זיך, שיקסעס גייען פון פעלד מיט אַ גערודער לאַכנדיק און שרייענדיק, וועגענער געלאָדן מיט טווּע סקריפּען לאַנגזאַם, קי גייען מיט פולע הייטערס מילך,

# פּראָלקע קאַט

װעלכע מיר װעלן באַלד טרינקען. די כּאַװײרים קומען צוריק און װײַזן אַ צײכן מיטן האַנט, אַז מ'קען אַרײַנגײן אין דאָרף. מיר הױבן אָן גײן, רינגלען אַרום דעם דאָרף פֿון עטלעכע װעגן, שטעלן אַרום פּאָסטנס מיט געװער אַף די װעגן, װאָס פֿירן צו אַנדערע דערפֿער. איך מיטן פּולעמיאָט שטעל זיך אױף אַ װעג װאָס פֿירט צום שטאָט, פֿון װאַנען מען ריכט זיך, אַז עס קענען אָנקומען דײַטשן, די אַנדערע כּאַװײרים צעשיטן זיך איבערן דאָרף צוזױפּצונעמען די שפּײַז װאָס מיר דאַרפֿן צום װעג.

די פּױערים, מערסטן טײל, נעמען אונדז אױף מיט סימפּאַטיע; טראָגן אַרױס מילך צום טרינקען, פֿרעגן זיך אַף די פּראַנט יעדיעם און װי מען קען לעבן אין װאַלד. זײ װאַרטן מיט אומגעדולד, אַז די רױטע אַרמײ זאָל זײ באַפֿרײַען, גיבן פֿאַרשידענע יעדיעם װעגן דײַטשישע קרעפֿטן. די כּאַ־װײרים טראָגן שנעל אַרױס די באַקומענע פּראָדוקטן אַפֿן זאַמל־פּונקט װוּ עס װערט אײַנגעפּאַקט, קעדײ צו קענען טראָגן אין װעג. אין דעם קומט צו צו מיר אַ פּױער און זאָגט מיר, אַז די געטאָ ברענט און מען שיסט אױס אַלע אידן אין ביאַליסטאָק. (ערשט דער דריטער טאָג װי איך בין פֿון דאָרט) איך דערצײל דאָס באַלד די כּאַװײרים, װעלכע װילן דאָס ניט גלױבן און ענטפֿערן: ער האָט דערקענט, אַז דו ביזט אַ איד, זאָגט ער דאָס ספּעציעל. מינאַסטאָם איז ער אין קאָס, װאָס מען נעמט בײַ אים צו שפּײַז. מיר זען אָבער, אַז דער הימל אַרום איז רױט. ניט לאַנג זײַנען מיר אַרױס פֿון געטאָ און מיר האָבן ניט געפֿילט, אַז עס גרײט זיך אַזאַ פֿאַרניכטונג.

דער קאָפּ איז שױן ערגעץ אַנדערש, מען ענדיקט אַף גיך די אַרבעט און מיר פֿאַרלאָזן דעם דאָרף צו גײן אין סופּראַסלער װאַלד װוּ מען האָט אַלעמען באַשטימט. מיט די שפּײַז און געװער אַף די פּלײצעס גײען מיר טיף פֿאַרזאָרגט. װאָס טוט מען איצט? דערװײַל רוען מיר זיך אָפּ און פֿאַרן אַרױסגײן פֿון דעם קנישינער װאַלד, גיבן מיר אָפּ אַ זאַלפּ שאָסן צום אָנ־דענק פֿון אונדזער קאָרבן װעלכער איז געפֿאַלן אין קאַמף מיט די דײַטשן.

## אין סופּראַסלער װאַלד

אַ גאַנצע נאַכט גײען מיר, און פֿאַרטאָג קומען מיר אָן אין נײַעם פֿאַר־אונדז סופּראַסלער װאַלד װוּ מען װײַזט אונדז, אונדזער נײַעם אָרט, די נײַע

# חורבן ביאליסטאק

היים, נייע בוימער און נייע ערד. דעם גאנצן טאג האבן מיר בא אונדז אין דער נייער „דירע" געסט, עס קומען אונדז באזוכן און זיך באקענען מיט אונדז די רוסישע גרופעס פון ארום און גלייכצייטיק קומט פאר א קאנפערענץ, פון אלע צוזאמען ווי אזוי צו ארגאניזירן די ווייטערדיקע ארבעט אין די וועלדער געמיינזאם. ס'איז שוין קלאר פאר אלעמען, אז אין דער זעלבער צייט וואס מיר שמועסן דא ווערט דער געטא, ווו עס קעמפן אונדזערע כאווירים וועלכע האבן ניט באוויזן ארויסצוגיין אין וואלד, פארניכטעט. קיין קאנטאקט און שטיצע פון געטא, וועט איצט נישט זיין. אף ווייטער קען מען זיך ריכטן אף גרויסע אבלאוועס פון דייטשן אף אונדזערע וועלדער, צוליב דעם וואס אלע אידן וועלכע וועלן באווייזן זיך ארויסרייסן פון געטא, וועלן לויפן אין די וועלדער, וויסנדיק, אז עס עקזיסטירט א פארטיזאנקע.

א שווערע לאגע איז איצט אין די וועלדער. די אידן וואס קומען צו לויפן, קומען אלע אן געווער און דאס באשווערט אויך אונדז. לאנג דויערן די בעראטונג, וואס טאן ווייטער? אבער ווי זאל מען אלץ איבערארגאניזירן? די רוסישע גרופעס זאגן זיך ארויס מערסטן טייל צו גיין אף מיזרעך, ווו עס זיינען דא מער אטריאדן און גרעסערע וועלדער און זיי באשליסן צום פארלאזן די וועלדער ארום ביאליסטאק, דארט אנקלויבן גרויסע קויכעס און קומען צוריק. אונדזער מיינונג און כויוו איז, אז מיר מוזן בלייבן דא אויפצונעמען אונדזערע כאווירים און אלע אידן וואס האבן די איינציקע רעטונג אין אונדזער פארטיזאנקע אין וואלד.

די רוסישע גרופעס גייען אוועק און מיר בלייבן אליין אין די וועלדער ווארטן אף אונדזערע ברידער אידן, אויפצונעמען זיי און צוגרייטן צום ווייטערדיקן קאמף. מיר שמועסן אפ מיט די רוסישע גרופעס פונקטן אויף קאנטאקט ווען זיי וועלן קומען צו אונדז צוריק מיט אינפארמאציעס. מיר מאכן עטלעכע באמביאשקעס, גרייטן אן עסן פאר די וואס דארפן קומען און שטעלן ארויס אונדזערע כאווירים אף אלע וועגן וואס פירן פון שטאט צום וואלד, אויפצונעמען יעדן אידן וואס זיי וועלן טרעפן און ברענגען צו אונדז.

מיר ברענגען פיל מענער און פרויען וואס מיר טרעפן בלאנקנדיק אין אלע ערטער פון וואלד, מיר גיבן זיי עסן און ארדענען זיי איין דערווייל

## פ ר אָ ל ק ע  ק אַ ט

אין באַזונדערע טיילן פון וואַלד, ווו מיר שטעלן אַוועק עטלעכע כאַווירים מיט געווער זיי צו היטן. אַ פּאָר מאָל אין טאָג ברענגען מיר זיי עסן. עט־לעכע כאַווירים אונדזערע פאַלן פון אַן אויפריים אַף דעם פּאָסטן פון אויפּנעמען און אויפזוכן די אידן וואָס בלאָנקען אַרום. פיל אידן ווערן געשאָסן פון דייטשן וועלכע מאַכן שטאַרקע אַבלאַוועס אין די וועלדער, זוכנדיק דער פּאַרטיזאַנקע, מיר זעצן פאָר אונדזער אַרבעט אַנטשלאָסן, ווייל מיר זיינען ניט געקומען אוסהיטן אונדזער לעבן אין וואַלד. מיר זיינען אַרויס קעמפן און מוזן אַלעמען אויפנעמען ווען מיר טרעפן, צי עס איז מעגלעך פאַר אונדזערע קויכעס, — ווייל נאָכן אומקום פון די אידן אין געטאָ איז אַפּגעהאַקט געוואָרן דער שטיץ־פּונקט פון וואַנען מיר פלעגן באַקומען באַנדאַזשן, ראַדיאָס, געווער און מענטשן, — צי ניט. אַזוי הויבט זיך אָן אונדזער טראַגעדיע אין וואַלד. ס׳קומט אָן אַ אַנפאַלום פון אידן אָן געווער וועלכע מיר נעמען מיט זיך, שטיצנדיק זיך אַף די אייגענע קויכעס.

## אידן אין וואַלד

פאַרשידענע גרופּן אידן זיינען געווען אין די וועלדער. ס׳זיינען געווען פּריוואַטע גרופּעס, דאָס האָט געהייסן, אידן פון שטעטלעך וואָס זיינען געלעגן אין וואַלד פון נאָך דער ליקווידאַציע פון די שטעטלעך צו 5־10 מענטשן אין אַ גרוב אָן געווער, נאָר זיי קויפן פאַר געלט עסן ביי באַקאַנטע פויערים, אָדער בייטן אַף פאַרשידענע ווערט זאַכן וואָס זיי האָבן געהאַט. פיל אַזוינע גרופּעס פלעגן, נאָכן אויסגיין פון די געלט אָדער ווערט זאַכן, גיין אַף די פעלדער שניט־צייט, אַנעמען קאַרטאָפל ביינאַכט אָדער אַנדערע גרינס און זיך אָנגרייטן אַף ווינטער־צייט, וויפל זייער מעגלעכקייט איז געווען, זיי האָבן פּאַשעט געלעבט מיט גאָרניט. ווען מיר פלעגן צופעליק אָנטרעפן אַף אַזאַ גרופּע, זיינען דאָס געווען פּאַשעט לעבעדיקע מייסים. קוקנדיק אַף אַזאַ גרופּע האָט מען פּאַשעט ניט געקאָנט דערקענען ווער ס׳איז אַ פרוי און ווער פון זיי אַ מאַן, אַלע אויסגעדאַרט ווי פלאַנצן וואָס באַקומען ניט קיין וואַסער.

ווען מיר פלעגן אַזוינע גרופּעס אידן טרעפן, פלעגן מיר זיי אויפ־קלערן די וויכטיקייט פון קעמפן אין וואַלד און ניט ליגן אַזוי וואַרטנדיק

אַף דער באַפרייאונג. מיר פלעגן נעמען פון זיי כאַווערים, און ווייזן אַלע אונדזערע פונקטן אין וואַלד, ווו מיר טרעפן זיך און באַשטימט פון זיי אויך מענטשן, וועלכע זאָלן אָנהאַלטן מיט אונדז אַ קעסיידערדיקן קאָנ־טאַקט. זייער אויפגאַבע איז איצט געוואָרן, שאַפן פאַר זיך געווער ביי די אַרומיקע שכיינים פאַר דעם געלט וואָס זיי האָבן און די אַפּראָוויזאַציע זייערע האָבן מיר פאַרבונדן צוזאַמען מיט אונדזערע, אויסלערנענדיק זיי אַף וואָס פאַרא אויפן מען באַקומט שפּייז. מיר האָבן זיי צוגענומען צו אונדז מיטנעמענדיק אַף אַלע סאַבאָטאַזש אַרבעטן וואָס עס פלעגט ווערן דורך אונדז אַרורכגעפירט. דער אַנפאַל פון די אידן נאָך דער פולשטענדי־קער ליקווידאַציע פון געטאָ, האָט אונדז פיל פאַרשווערט אונדזער אָרגאַני־זאַציע־אַרבעט אין צוגרייטונג צום ווינטערדיקן לעבן אין וואַלד. פונדעסט־וועגן האָבן מיר אַלעמען אויפגענומען, באַזאָרגנדיק זיי לויט אונדזערע מעגלעכקייטן, טיילנדיק זיך מיט אַלץ וואָס מיר האָבן דענסטמאָל פאַרמאָגט.

## דער קאָנטאַקט מיטן שטאָט

אונדזער אַרבעט האָבן מיר פאַרגעזעצט אַלס גרופּע פון ביאַליסטאָק אין קאָנטאַקט און מיט דער אונטערשטיצונג פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע פּ. פּ. ר. (פּאָלסקאַ פּאַרטיאַ ראָבאָטניטשאַ), וועלכע האָט עקזיסטירט אין שטאָט, אויסערן געטאָ, פון געוועזענע מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

פון אונדזער זייט זיינען דאָרט געבליבן פינף כאַווערטעס: ראָזע וויעזשביצקי, אונטערן פּסעוודאָנים „מאַרילקע", כאַיע גראָסמאַן און נאָך דריי וועמענס נעמען איך געדענק נישט. לעבנדיק אַף אַרישע פּעסער, אויסערן געטאָ, פלעגן זיי קומען צו אונדז אין וואַלד מיטברענגענדיק פון שטאָט אַלע נויטיקע אינפאָרמאַציעס און אויך געווער, באַנדאַזשן, אין צייטן פון אַבלאַוועס ווען מען פלעגט נישט קענען אַרויסגיין זיך באַוועגן, און צוטראָגן שפּייז פאַר די אומבאַוואָפנטע גרופּעס, אין די צייטן ווען מיר פלעגן זיך געפינען אָפּגעריסן פון זיי, נישט קענענדיק זיין מיט זייער הילף אין קאָנטאַקט מיט אונדזער פּאַרטיזאַנקע — איז נישט צו באַשרייבן און איבערגעבן, די גרויסע אויפטוען זייערע. איך וויל נאָר איבערגעבן

# פראַלקע קאַץ

איינצלנע פאַקטן פון זייער אַרבעט, וואָס ווערט אַמבעסטן באַווייזן זייער אויסגעהאַלטנקייט און איבערגעגעבנקייט דעם קאַמף קעגן נאַצי־פאַשיזם.

יעדן אידן וועלכן זיי פלעגן טרעפן אין שטאָט — נאָכדעם ווי ביאַ־ליסטאָק איז שוין געווען „יודן־ריין" — בלאָנקענדיק און אויסבאַהאַ־טנדיק זיך אַף פאַרשידענע אויפאַנים, פלעגן זיי צונעמען צו זיך, באַהאַל־טן אים ביז ביינאַכט און ברענגען אים צו אונדז אַף די אָפּגערעדטע



כאַיע גראָסמאַן

פונקטן אין וואַלד, ווו מיר פלעגן זיי אויפנעמען. די כאַווערטע ריווקע מאַדעיסקאַ, האָט געפונען אַ יונגן אינגל זיך אַרומדרייענדיק אין שטאָט און האָט אים צוגענומען צו זיך, באַשטימענדיק אים צו ברענגען אין וואַלד. דאָס אינגל האָט ניט געהאַט קיין געדולד צו זיצן ביז ביינאַכט און איז אַרויס פאַריכטן זיינע שיך, גייענדיק באָרוועס איבערן שטאָט, געס־

טאַטע האָט אים פאַרהאַלטן און דערקענענדיק, אַז ער איז אַ אידישער, געצוואונגען אים דורך פאַרשידענע מיטלען צו אויסזאָגן ווו ער איז געווען באַהאַלטן, ביז איצט, ווייל אידן זיינען שוין אין שטאָט ניט געווען, דאָס אינגל האָט זיי אַרויסגעגעבן ווו די כאַווערטע האָט אים געהאַלטן. אַ גרופּע דייטשן זיינען באַלד אַהין אַוועק, אַרומגערינגלט די הויז און געוואָלט אַרעסטירן דער כאַווערטע. אָבער זעענדיק ווער עס קלאַפּט אין טיר, האָט זי באַלד פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז פאָרגעקומען און דורכן פענצטער פּרובירט אַנטלויפן. אַ דייטש האָט זי נאָכגעיאָגט און איר פאַרוואונדעט מיט זיין קינדזשאַל. די כאַווערטע ריווקע מאַריאַסקאַ, אַ פאַרוואונדעטע, איז אָפּגעלעגן עטלעכע טעג אין שפּיטאָל און געשטאָרבן, ניט אַרויסגעבנדיק קיין איין וואָרט אַפילע, אַז זי איז אַ אידישע, קעדיי די ווייטערדיקע אויספאַרשונג זאָל ניט פאַרשווערן אירע איבעריקע כאַווערטעס, וועלכע פירן די אַרבעט ווייטער.

די כאַווערטעס, האָבן אויך געהאַט קאָנטאַקט מיט עטלעכע אידן וואָס זיינען געזעסן אין טורמע און אָרגאַניזירט זיי זאָלן אַנטלויפן אין וואַלד. באַקומען באַנדאַזשן, רעפּועס, ראַדיאָס, געווער און מענטשן. אַ דאַנק זיי איז טאַקע צו אונדז געקומען דער כאַווער בערל שאַצמאַן, וואָס איז אַנטלאָפן פון טורמע. זייער אַרבעט און פערמאַנענטער קאָנטאַקט מיט אונדזער פאַרטיזאַנקע האָט אַ סאַך אונדז פאַרלייכטערט און שפּעטער ווען מיר זיינען זיך צונויפגעקומען מיט די רוסישע גרופּעס, ווערן זיי דער וויכטיקסטער פאַקטאָר אין דער פאַרבינדונג מיט דער שטאָט. זיי באַוויזן אַפילע צו אָנבינדן אַ קאָנטאַקט מיט אַ דייטש, אַ דירעקטאָר פון אַ פאַבריק, וועלכער ברענגט אויך געווער אין וואַלד פאַר דער פאַרטיזאַנקע און קומט ספּעציעל אין וואַלד צו אונדז זען די פאַרטיזאַנער.

אונדזער דעמאָלסדיקער בריגאַדע־קאָמאַנדיר, וואיטשעכאָווסקי, האָט אים אויפגענומען מיט גרויס פאַראַד. היינט געפינט זיך דער דייטש אין מאָסקווע אַלס פרייער בירגער.

## אונדזערע אָרגאַניזאַציע שוועריקייטן

אין דער צייט וואָס מיר האָבן צעשטעלט אַף אַלע וועגן אונדזערע כאָווירים צו אויפנעמען די זיך בלאָנקענדיקע אידן צו אונדזער גרופּע,

# פראָלקע קאַט

זיינען דורך אונדז אויפגענומען געוואָרן אריבער 80 אידן, מענער און פרויען, אַלע אָן געווער, וואָס האָבן נאָר פאַרמאָגט זייער איינציקן שטיקל בעגעד, וואָס זיי האָבן געטראָגן אָף זיך, ווען זיי זיינען אַנטלאָפן. מיר פאַרטיילן אַלעמען אין באַזונדערע גרופּעס און ברענגען זיי עסן. דער עלעמענט איז געווען פאַר אונדז זייער אַ פרעמדער; מענטשן, וואָס זיינען קיינמאָל אין קיין אָרגאַניזאַציע ניט געווען, דערצו זיינען זיי נאָך געווען אונטערן איינדרוק פון דעם כורבן אין געטאָ, און האָבן ניט פאַרשטאַנען אונדזער אויפגאַבע. פיל שטערונגען זיינען געמאַכט געוואָרן דורך זיי אין וואַלד. אַלע אונדזערע באַמיונגען צו ווען זיי איינאָרדענען, בעטנדיק באַ זיי געלט וואָס זיי האָבן, קעדיי צום קענען באַקומען געווער, אָדער אַנדערע זאַכן, האָט אָנגעטראָפן אָף שוועריקייטן. זיי זיינען ניט געווען צוגעגרייט צו האָבן אַ פאַרשטענדעניש פאַר דער אַרבעט אין וואַלד און זיינען צום מערסטן טייל געווען עגאָאיסטיש, וועלנדיק אויסבעסערן נאָר זייערע באַדינגונגען אַליין, ניט האָבנדיק אין זינען די איבעריקע.

צווינגען צו אויספירן אונדזערע פליכטן, האָבן מיר ניט געוואָלט. אין דעם איז טאַקע באַשטאַנען אונדזער פעלער. צו דעמאָקראַטיש האָבן מיר זיך געפירט, און דאָס האָט געבראַכט צו לאַנגע וואָכן פון הונגער נאָכן אָנקומען פון אַזוי פיל אידן. מיר האָבן געלעבט פּאַשעט מיט איין געקאָכטע קאַרטאָפל אַ טאָג, פאַרשטייענדיק, אַז מען מוז איבערוואַרטן אַ געוויסע צייט. זיי האָבן דאָס ניט פאַרשטאַנען און זיך געריסן צוריק אין שטאָט, וועלנדיק קויפן עסן פאַר געלט, וואָס ס'איז געווען אומעגלעך צוליב די אַבלאַוועס פון דער געסטאַפּאָ. איינער אַ איד, האָט אַפילו געפּרוּווט אָנרעדן אונדזערע צוויי כאַווירים, זיי זאָלן אַוועקגיין מיט אים מיט געווער, זיך אַליין אויסהאַלטן, ניט האָבנדיק אין זינען צו באַזאָרגן אַלע איבעריקע און זיי זיינען טאַקע אַנטלאָפן אין די שווערסטע באַדינגונגען אין אונדזער צייט. דאָס האָט אונדז געצוווּנגען צום איינטיילן די אַלע אידן אין באַזונדערע גרופּעס. באַזונדער איז אויך פאַרטיילט געוואָרן אַ טייל, פון די פּריוואַטע גרופּעס. פון אונדזער זייט פלעגן מיר שיקן יעדן טאָג כאַווירים זיי אַוועקטראָגן עסן און היטן. ווען מען פלעגט באַקומען געווער, פלעגן מיר אַרויסנעמען אַ כאַווער צו אונדזער קאַמפּס־גרופּע. אין די וועלדער טיפער צום מיזרעך, אַרום וואָלקאָוויסק, סלאָנים, באַראַנאָוויטש, זיינען

די באַדינגונגען געווען פיל לייכטער: גרעסערע וועלדער, גרעסערע גרופּן פּאַרטיזאַנער, שטאַרקער באַוואָפנט, פלעגן זיי זיך שאַפן זאַנעס, וווּ מאָנאַטן האָט קיין דייטשישע פוס ניט געקענט אַריינטרעטן. נאָר אין געוויסע צייטן פון גרויסע קאַמפן, ווען די דייטשן פלעגן אַנווענדן צום קאַמף גאַנצע דיוויזיעס, פלעגן זיי מיט פאַרלוסטן אָפּשטויסן די דייטשן אָדער באַצייטנס פאַרלאָזן דעם אָרט. ווען עס פלעגן קומען אַנטלאָפענע אידן צו אַזאַ גרופּע זיינען זיי געווען זיכערער און מער באַזאָרגט. גלייכצייטיק, פלעגן זיי באַלד אַרונטערפאַלן אונטער אַ מיליטערישע דיסציפּלין.

אין אונדזערע וועלדער האָבן מיר קיין זאָנע ניט געקענט שאַפן, צוליב דער גרויסער קרייצונג פון באַנען און שאָסייען. מיר האָבן געמוזט האָבן פיל מער קאַמפן, זיך טרעפנדיק אויג אויף אויג מיטן דייטש, און מער אָקשאָנעס. בײַ די הונגער באַדינגונגען, וואָס זיינען געווען אַ קעסיידערדיקער טוישעוו בײַ אונדז, האָבן ניט אַלע געקענט פאַרשטיין און אויסהאַלטן. דערצו דאַרף מען זיין דערצויגן פון פריער מיט אַ צוגרייטונג, וועלכע פיל האָבן ניט פאַרמאָגט, צוליב דעם, ווייל זיי האָבן צו שפּעט באַנומען די אויפגאַבע אין וואַלד. די גרופּע וואָס איז אָפּגעטיילט געוואָרן איצט פון אַלעמען מיט געווער, איז באַשטאַנען פון דריי פּולעמיאָטן, צוויי דיעסאַטקעס, אַ ביקס וואָס שיסט אויס 10 קוילן מיט איינמאָל, געוויינלעכע ביקסן און אַ רעוואָלווער. ווער עס האָט נאָר געהאַט געווער, האָבן מיר אויסגעטיילט באַזונדער שאַפנדיק אַ גרופּע באַוואָפנטע, וועלכע האָט געדאַרפט באַזאָרגן אַלע איבעריקע גרופּעס מיט אַלץ און גלייכצייטיק, שאַפנדיק געווער פאַר אַלעמען, גיין אויפרייסן בריקן און באַנען, אָפּראַמען פאַרשידענע שפּיאָנען און פּראָוואָקאַטאָרן. אָנהאַלטן ווייטער דעם קאָנטאַקט אין שטאָט מיט די כאַווערטעס און זיך צוגרייטן צום ווינטער וואָס קומט אָן פריצייטיק.

## דער דייטשישער אָנפאַל אויף אונדזער דזשעליאַנקע*)

אַ טייל פון אונדזער באַוואָפנטער גרופּע איז אַוועק אויף אַרבעט אין

---

*) דזשעליאַנקע אַ טייל וואַלד ווו אונדזער גרופּע פלעגט זיך געפינען, פלעגן מיר רופן דזשעליאַנקע. יעדער דזשעליאַנקע האָט געהאַט אַ נומער לויטן נומער פלעגן מיר זיך אָריענטירן ווו די גרופּע אונדזערע פלעגט זיצן.

# פּראָלקע קאַט

אַן אַנדער וואַלד. אין סופּראַסלער וואַלד זיינען מיר געבליבן 30 מאַן, באַ־וואָפנט מיט צוויי פּולימיאָטן איין דיעסאַטקע און די רעשט ביקסן. אין באַזונדערע ערטער פון וואַלד, זיינען זיך געזעסן די אומבאַוואָפנטע גרופּעס מיט וועלכע מיר פלעגן זיך יעדן טאָג טרעפן, באַזאָרגנדיק זיי און מיטנעמענדיק פון זיי כאַווערים אין אַלע ערטער, ווו מיר פלעגן זיך באַ־וועגן. נאָך אַ גרויסע באַמביאַשע וואָס מיר האָבן דורכגעפירט באַ ביאַ־ליסטאָק, אין דאָרף קאַראַקול, זיינען מיר געקומען אין דער 56־סטער דזשעליאַנקע אין אַזאָווער וואַלד, מיטנעמענדיק פון אַלע גרופּעס כאַווערים צו אונדז, זיי צו פאַרטיילן די נויטיקע זאַכן איז וואָס זיי האָבן זיך גע־נייטיקט. נאָכן אַרומגיין אַ גאַנצע נאַכט, האָבן מיר באַטאָג גערוט אונטער דער קאַלטער הארבסטיקער זון, וואָס האָט שוין געמאַכט אויפציטערן דעם גוף פון ליגן אויף דער ערד. די גרופּעס זיינען געלעגן צעוואָרפן איבערן אַרום אין וואַלד און ווער געשמועסט, ווער געלערנט די נייע אָנגעקומענע כאַווערים ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט אַ ביקס, וואָס אַ סאַך האָבן ליידער ניט געוווּסט ביז די לעצטע מינוטן. אָפּן פאַסטן זיינען געוועזן אויסגעשטעלט עטלעכע כאַווערים, אַלץ איז געוועזן נאָרמאַל ווי יעדן טאָג.

אין דער געמיטלעכקייט פון זיצן הערן מיר אַ שאָס פון גאָר נאָענט. אונדז איבעראַשט דאָס ניט. אָבער אין אַ מינוט אַרום, אַ שטאַרקע שיסעריי פון פּולעמיאָטן און אוטאָמאַטן. דער קאָמאַנדיר הייסט זיך אונדז אויפ־הויבן און זאָגט, אַז דאָס איז אַוואַדע אַן אָבלאַווע. די דייטשן גייען אַרום אין וואַלד און שיסן וועלנדיק הערן אַ שאָס פון אונדז, קעדיי צו וויסן ווו מיר געפינען זיך. ער הייסט זיך אונדז אויסשטעלן אין געוויסע פּונקטן צווישן די ביימער און אין דער מינוט נאָך ניט האָבנדיק געגעבן די צווייטע פאַראָרדענונג, הערן מיר שוין די נאָענטע געשרייען פון די דייטשן, לעבן אונדז אַ צען מעטער. מיר זעען זיי אויגן אויף אויג, גראָבע געזונטע אויסגעפרעסענע כאַזיירים מענגוואַלים. מיר עפענען אַ שטאַרקע שיסעריי, דער קאַמף דויערט אַ האַלבן טאָג, אַ געמיש פון קוילעס און קוילן קוויי־טשעריי אין דער געדיכטער שטילקייט פון וואַלד. איך געפין זיך אין אַרומרינגלונג פון דייטשן, דער כאַווער בילעק מיטן צווייטן פּולעמיאָט לויפט צו צו מיר און העלפט מיר זיך אַרויסקריגן פון זיי, עפענענדיק אַ שיסעריי הינטער מיין פּלייצע. אין דעם מאָמענט ציי איך זיך צוריק אויף אַ

# כורבן ביאַליסטאָק

טריט און שטעל זיך אַקעגן אים אַקעגן מיט אים. עס פאַלט אַ בוימל אַ יונגער פון אַ קויל און ברעכט זיך איבער אַף מיר. איך פאַל אום און די צווייטע קויל טרעפט דעם כאַווער בילעק. איך דריי אום דעם קאָפּ! דער כאַווער בילעק ווערט גלייך בלאַס, און פאַלט אַנידער, דער פּאָלעמיאַט אַף אים מיט דער לופע אין דער הויך. איך פּרווו נעמען זיין פּאָלעמיאַט. ער האַלט אים שטאַרק מיט די הענט, איך קוק זיך אַרום, קיינער ניטאָ. די קוילן קלאַפּן אין די ביימער און בלעטער פליען אין דער לופטן. איך הויב זיך אָן צוריק ציען ניט ווייסנדיק אין וועלכער זייט ס'איז בעסער, נאָר איך גיי אַף צוריק. אָפּגייענדיק אַ 50 מעטער, טרעף איך אַ כאַווער וואָס האָט אויך אויסגע־שאָסן די קוילן און ציט זיך צוריק. צוזאַמען לאָזן מיר זיך גיין אַף הינטן און נאָך אַ געוויסע צייט גיין, בלייבן מיר זיצן, זיך צוהערנדיק וואָס עס קומט פאָר ווייטער.

איך מעלדע אים וועגן טויט פון פּאָלעמיאַטשיק, און ער מעלדעט מיר פון טויט פון אונדזער קאָמאַנדיר, וועלכן ער האָט געזען. מיר באַשליסן ליגן ביזן ענדע קאַמף און נאָכדעם זיך מאַכן דעם סאַכאַקל. מיר הערן נאָך געוויסע שיסערייען און נאָכדעם אַ קלאַפּעריי פון באַגנעטן, זיי זיינען שוין אַרויף אַף אונדזער קיך ווו עס שטייען די קיילים אונדזערע און, ווען עס איז געוואָרן טונקל, האָבן מיר געהערט ווי עס רוישן מאַשינען, ווייזט אויס די דייטשן פאָרן שוין אָפּ. מיר לאָזן זיך צום אָפּגערעדטן פּונקט ווו מיר פלעגן זיך שטענדיק טרעפן, זען ווער עס פעלט פון אונדז און ווער עס קומט.

טיף אין דער נאַכט־פינסטערניש, טרעפן מיר איינצלנע אונדזערע כאַווירים וועלכע שליסן זיך צום פּונקט. מיר קלייבן זיך צענויף 20 מאַן, צען פעלן. מיר באַשליסן צוריקגיין צום אָרט באַלד פאַרטאָג זען וואָס איז געוואָרן מיט די 10 מאַן. צוקומענדיק צו דעם אָרט ווו עס איז געווען דער פּאָסטן אונדזערער זעען מיר אים, ווי ער ליגט אויסגעצויגן מיטן פּנים אַראָפּ פאַרבלוטיקט די העמד — טויט. ליגנדיק אַפן פּאָסטן, האָט ער זעענ־דיק די דייטשן גלייך צו זיי אויסגעשאָסן קעדיי אונדז געבן צו וויסן, ווי ס'איז געווען אָפּגערעדט און די דייטשן האָבן אַף דעם געענטפערט באַלד מיט אַ שטאַרקע שיסעריי אין דער ריכטונג און אים באַלד געטראָפן. דער צווייטער וואָס איז געשטאַנען מיט אים, איז געלאָפן אונדז איבערגעבן און

# פּראָלקע קאָט

געוואָרן פאַרוווּנדעט לייכט אין האַנט, מען האָט אים אָראָפּגעשאָסן אַ פינגער. מיר האָבן אים געטראָפן אין אַ פּאָר טעג אַרום אַף אַ פּונקט פון וועלכן ער האָט געוווּסט און ער האָט געוואַרט אַף אונדז. אַריינגייענדיק טיפער הערן מיר אַ שטים, מיר לויפן צו און טרעפן אַ כאַווערטע מיט אַן אָפּגעשאָסענע האַנט, די האַנט האַלט זיך נאָר אַף פליייש. די כאַווערטע ריווקע שינדער האָט באַקומען אַ דום־דום קויל און איז געלעגן ביז מיר האָבן זי געפונען, אָפּגייענדיק אין בלוט. מיר נעמען איר און פּאַמעלעך פירן מיר איר אַוועק אין אַ צווייטן אָרט. פון די איבעריקע ווייסן מיר נאָך גאָרניט. אין צוויי טעג אַרום געפינען מיר אונדזערן כאַווער סימכע לאַווע פאַרוווּנדעט פון אַ קויל אין פוס. ער איז געלעגן די גאַנצע צייט פאַרוווּנדעט. ער האָט זיך אָפּגעשאַרט פון אָרט, דערפאַר איז אים געווען שווער צו געפינען. 6 כאַווירים זיינען געפאַלן צוזאַמען מיטן קאָמאַנדיר, דריי פאַרוווּנדעט און איינער, פאַרבער, וואָס איז ניט לאַנג געקומען פון די קאַמפן אין געטאָ, ניט וויסנדיק נאָך דעם לעבן און די פונקטן אין וואַלד, איז אינגאַנצן פאַרפאַלן געוואָרן. מיר האָבן ניט געוווּסט ווּ ער איז אַהינגעקומען און צו זאָגן מיר אים פאַרעכענען צווישן די טויטע אָדער צווישן די לעבעדיקע, צי די דייטשן האָבן אים אויך ניט געטראָפן קיין לעבעדיקן, ווייסן מיר ניט. עס איז פאַרבליבן אַ רעטעניש.

פון די פויערים אַרום, דערוויסן מיר זיך, אַז ביי די דייטשן זיינען געפאַלן דריי טויט און איינער פאַרוווּנדעט און דער גרעסטער סוינע, דער דעמאָלסטיקער שפּיאָן קאַרפּאָוויטש, וועלכער האָט זיי צו אונדז געפירט, איז אויך אומגעקומען אין דעם קאַמף. דער גאַנצער געגנט פויערים האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט, זיך דערוויסנדיק פון זיין טויט און מיט צוטרוי און סימפּאַטיע זיך באַצויגן צו אונדז אַלס אַנערקענונג פאַר דער אַקט. זיי האָבן אונדז איבערגעגעבן אַ קוריאָז, אַז אַרויספאָרנדיק מיט די דייטשן אין וואַלד, פירנדיק זיי צו אונדז, האָט ער זיך געזעגנענדיק מיט זיין פאַמיליע געזאָגט: אַז ער גייט היינט אַף אַ שווער שטיקל אַרבעט, ווער ווייסט צי ער וועט קומען צוריק. ער האָט זיך גוט אָנגעשיקערט, אַ פאַרגעפיל פון זיינע לעצטע מינוטן. צופיל האָט אָבער אונדז געקאָסט זיין טויט. מיר האָבן אָנגעוואוירן דעם קאָמאַנדיר און 6 כאַווירים, די גאַנצע שפּייז, וואָס מיר האָבן ניט באַוויזן צו פאַרטיילן פריער פאַר די אומבאַוואָפנטע

גרופּעס. אַלץ איז אריינגעפאלן צו די דייטשן און מיר זיינען געבליבן ווײ־טער אן גארניט.

די פארוואונדעטע ליגן מיר אוועק אין א צווייטן טייל פון וואלד, ניט ווייט פון דעם ארט, ווייל ווייט האבן מיר זיי ניט געקענט פירן. זיי זיינען געווען זייער אפּגעשוואכט פון די בלוט וואס זיי האבן פארלארן, איידער מיר האבן זיי געפונען. מיר ברענגען צו זיי א דאקטער וואס איז בא אונדז געווען. דער דאקטער באטראכט זיי, אבער וואס קען ער טאן אן רעצעפּטן. מיר לאזן איבער א פּאר פּרויען, וואס זאלן זיך מיט זיי אפּגעבן. פון שטאט ברענגען מיר זיי באנדאזשן, עסן און רעצעפּטן. מיר אלע באוואפנטע מוזן זיך נעמען ווייטער צו דער ארבעט, ענערגיש. מיר באשטימען אוועקגיין אין א צווייטן וואלד דעם ווינטער, אין דעם וואלד בודיסק, ארום סאקאלקע. דער הארבסט הויבט זיך אן מיט שטארקע רעגנס און ווינטן. עס גיסט טאג און נאכט. מיר זיינען שוין אינגאנצן אויסגעווייקט פון רעגן. שטיין אין רעגן, שלאפן אין רעגן, אלץ טאן אין רעגן. פייער מאכן דווערט שאען; מען נעמט א האלץ א גראבן, מיט א מעסער שניידן מיר אוים טיף א לאך ווו עס איז שוין טרוקן און ביסלעכווייז, אויסנוצנדיק א גאנצע פושקע שוועבעלעך, געלינגט אונדז, נאך לאנג זיך אנמאטערן, צו באקומען פייער. מיר מוזן אוועקפירן די אומבאוואפנטע כאוויירים פון יענעם וואלד ווו עס ליגן די פארוואונדעטע, קעדיי אינעם וואלד זאל זיין זיכערער צוליב די קראנ־קע, מען זאל דארפן אפּציען די אויפמערקזאמקייט און ניט זוכן. עסן נעמען מיר דערווייל פון דער נאטור. בעטקעס וואס מען קלויבט אן אין וואלד, אפּגעקאכט אן זאלץ, א טאם האט דאס ווי דער טויט. ווי הונגעריק מען זאל ניט זיין, עסט מען נאר איין לעפל, ווייל פיל עסן ווערט ניט גוט און מען הויבט אן ברעכן מיט גרינע גאל. מיר קלויבן אוים א צווייטן קאמאנדיר, דער כאווער שעפּסל באראוויק, א מולער פון ביא־ליסטאק, מיינער א כאווער וואס האט געדינט מיט מיר אין דער רויטער ארמיי אין 1940. אבער ער איז דער זעלבער וואס מיר, מיט די זעלבע קענטעניש, איינעם מוז מען דאך האבן. ער האט אפילע א גוטע אריענ־טאציע אין וואלד און איז דרייסט און ענערגיש.

מיר נעמען זיך צום ווייטערדיקן לעבן פון אנהויב. די כאווירים וואס זיינען אוועק אין קנישינער וואלד, קומען גרופּעסווייז צוריק — ניט אלע,

# פראָלקע קאָט

און ברענגען אויך אַ פאַרוווּנדעטן כאַווער אין פוס פון אַ וואָך צייט, אים פירנדיק, איז ער זייער אָפּגעשוואַכט. זיי האָבן דאָרטן געפירט פיל קאַמפן מיט פוילישע פאַרטיזאַנער און ניט געקאָנט צוקומען צו די אידן זיי צו אָרגאַניזירן. די רוסישע גרופּעס קומען נאָכניט צוריק און מיר באַשליסן צו אַוועקשיקן צוויי פון אונדזערע כאַווייריום זוכן קאָנטאַקט ווייטער אַף מיזרעך. דער כאַווער מאַרעק און כאַווער עלע וואָראָט ברענגען אונדז הילף. די צייט ווערט וואָס אַמאָל נענטער צום ווינטער און די וועטערן פאַרערגערן זיך. עס הויבט זיך שוין אָן הערן אַ פוילנדער רייעך פון די זאַכן וואָס מיר טראָגן אַף זיך און זיינען שטענדיק נאָס פון קעסיידערדיקן רעגן וואָס גיסט אַף אונדז.

## דאָס ספּעציפישע לעבן פון אידישן פּאַרטיזאַן

די אידן וואָס זיינען געקומען אין די וועלדער פון ווייס־רוסלאַנד אַרום באַראַנאָוויטש, מינסק, פלעגן אָנטרעפן שוין אַף שטאַרקע סאָוועטישע פאַרטיזאַנקעס, גוט אָרגאַניזירט מיט הילף פון מאָסקווער געווער. דורך פאַראַשוטן אַראָפּגעלאָזטע קאָמאַנדירן, וואָס פלעגן אַדורכגיין פאַרטיזאַנער שולעס אין רוסלאַנד, האָבן זיך פאַרנומען מיטן אָרגאַניזירן אין טיל פון סוינע אַלע פאַרטיזאַנער. זיי זיינען געווען אין די טויזנטער, גוט באַוואָפנטע און זיי פלעגן זיך קענען דערלויבן צו אָפּצאַמען גאַנצע קילאָמעטערס וואַלד און אַפילע די דערפער, וואָס זיינען געלעגן לעבן וואַלד, פלעגן ווערן ארומגעשטעלט מיט פאַרטיזאַנער און קיין דייטשישע פוס איז אין זיי ניט אַריינגעקומען גאַנצע מאָנאַטן. די דערפער פלעגן צאָלן שטייערן אין שפּייז די פאַרטיזאַנער. עס פלעגן זיך זיצן רויִק פיל פאַרטיזאַנער גאַנצע מאָנאַטן אָרגאַניזירנדיק וואַרשטאַטן צום פאַריכטן אַלץ וואָס ס'איז געווען נויטיק, פאַר די וואָס פלעגן קומען און אַוועקגיין אין קאַמף. אָנפאַלן פון דייטשן פלעגן קומען צו זיי נאָר אין געוויסע צייטן, ווען דער דייטש האָט מאָביליזירט עטלעכע דיוויזיעס, דאַן פלעגן זיי האָבן שווערע קאַמפן מיט פאַרלוסטן. אַמאָל פלעגט זיך עס פאַרענדיקן מיט זיך צוריקציען אין אַנדערע וועלדער און פיל מאָל פלעגן זיי אָפּשטויסן די דייטשן, אַנלערנענדיק זיי, זיי זאָלן דעם נאָז זייערן אין וואַלד ניט אַריינשטעקן און אויסלערנען זיי „דערעך ערעץ".

# חורבן ביאַליסטאָק

אין יענע וועלדער איז ספּעציעל ניט געווען קיין פּראָבלעמען פון אידישן פּאַרטיזאַן. ער האָט געקעמפט צוזאַמען מיט אַלעמען ווי אין די אַרמייען פון אַלע לענדער, אַרויסווייזנדיק ספּעציעלע געטריישאַפט און קעמפערישקייט קעגן די דייטשן. אַנדערש האָט אָבער אויסגעזען דער קאַמף פון אונדזער פּאַרטיזאַנקע אַלס ביאַליסטאָקער, וואָס זי איז געוואָרן אַליין געשאַפן פון אונדז אין די קליינע וועלדער אַרום ביאַליסטאָק, וווּ עס האָט ניט געקענט זיין קיין פּאַרטיזאַנער־זאָנע, ווי טיפער אין מיזרעך, צוליב דער קרייצונג פון פיל שאָסייען און באַנען. מיר האָבן געמוזט לעבן אין קליינע גרופּעס, זיין צוגעגרייט יעדער מינוט אין קאַמף מיט די דייטשן וועלכע פלעגן אַף אונדז אָנפאַלן אָפט וויסנדיק אונדזער קויעך, אַז 150 אָדער 200 דייטשן זיינען גענוג זיך צו שטעלן אין קאַמף מיט אונדז. די רוסישע גרופּעס וואָס האָבן זיך געפונען מיט אונדז אין די וועלדער, האָבן אויך געהאַט בעסערע באַדינגונגען פון אונדז, ווייל זיי האָבן נאָר געהאַט מיט אונדז אַ קאָנטאַקט און זיך אָפּשמועסן צום גיין אַף צוזאַמענאַרבעט קעגן די דייטשן, אָבער אין דער פראַגע פון אַלגעמיינע אָפּראָוויזאַציע איניאַנים האָבן זיי דאָס איבערגעלאָזן פאַר אונדז אַליין. מיר האָבן געהאַט דעם כויוו צום באַזאָרגן אַלע אידן וואָס זיינען געקומען פון געטאָ צו אונדז, מיט אַלץ וואָס זיי האָבן געדאַרפט. מיר האָבן ניט געטאָרט אוועק־גיין און פאַרלאָזן די וועלדער, צוליב דער זאָרג פאַר די אידן וואָס האָבן ניט געהאַט קיין געווער און דעם קאָנטאַקט וואָס די כאַווערטעס האָבן אונדז געגעבן מיט דער שטאָט וואָס איז באַשטאַנען אין דער צוזאַמענאַר־בעט מיט פּ. פּ. ר. אין אַלע קאַמפן מיט די דייטשן פלעגן מיר מערסטן טייל אויספירן.

עס קומען צו אונדז אין אַן אומגעריכטן טאָג, די כאַוויירים וואָס מיר האָבן געשיקט נאָך הילף צו די רוסישע גרופּעס מיט צוויי רוסן פון קאַליניז אָטריאַד, די כאַוויירים וואַראַט עלע און מאַרעק. אַ גרויסע פרייד בא אונדז, ענדלעך זיך דערשלאָגן נאָך הילף. זיי דערציילן אונדז וועגן די שוועריקייטן ביז זיי האָבן זיך דערשלאָגן צו אונדז, ווייל מיר זיינען שוין געווען איבערגעגאַנגען אין אַנדערע פלעצער. זיי זיינען געקומען מיט דער אויפ־גאַבע פון אונדז פאַרלייכטערן און טיילווייז איבערפירן די כאַוויירים אין זייערע וועלדער. מיר באַשטימען 5 כאַוויירים וועלכע זיי דאַרפן מיטנעמען

## פראַלקע קאַט

ווייזן די וועגן און, איידער עס שטעלט זיך דער ווינטער, זאָל דאָ נאָר בלייבן אַ באַוואָפנטע גרופּע פּאָר וועלכער זיי לאָזן איבער אויפרייס מאַטעריאַלן און ווייזן אַז אף וואָס פּאַרא געביט מיר דאַרפן אַרבעטן: אָראָפּלאָזן מיט דעם באַנען און געוויסע בריקן אויפרייסן. זיי געזעגענען זיך מיט אונדז און גייען אַוועק. אונדז ווערט אַ ביסל לייכטער, צוגענומען כאַווירים אַז געווער און מיט האָפענונג צו קריגן הילף. שוין דאָ אויפרייס־מאַטעריאַל צו קענען פירן ווייטערדיקע אַרבעט.

## דער ערשטער שניי

מיר צעטיילן זיך ווייטער אין פאַרשידענע וועלדער, גרופּעסווייז מיט דער אויפגאַבע זיך פאַרגרייטן אפן ווינטער וואָס רוקט זיך אָן. איין גרופּע פון 20 מאַן גייט אַוועק, באַוואָפנט אין קרינקער וואַלד זיך פאַרגרייטן שפּייז און גריבער צום קענען באַזעצן דאָרט אומבאַוואָפנטע אידן וואָס דאַרפן דאָ איבערווינטערן און אויך פאַרגרייטן אַ ביסל ווינטער זאַכן ווייל מערסטן טייל פון זיי, גייען נאָך באָרוועס און אָן קליידער. די נעכט זיינען שוין פראָסטיק און פאַרטאָג ווערט אַלץ באַצויגן מיט אַ דינעם אייז. זיך צולייגנדיק שלאָפן, כאַפּט מען זיך אויף יעדע עטלעכע מינוט, ווייל עס הויבן שוין אָן פרווירן די שפּיץ פינגער פון די פיס. מען וויקלט אַרום די פיס מיט שמאַטעס, אָבער עס העלפט ניט. די נעכט גייען מיר מערסטן טייל אַרום, בייטאָג וואַרעמט האַלב פאַרכאַלעשט די זון. זי שיקט אירע שטראַלן צו אונדז ווי אַ גרויסע טויווע וואָלט זי אונדז געטאָן, ווי איינער זאָגט: נאַט אייך אויך אַ ביסל וואַרימקייט די נאַטור הויבט גאָר אָן איצט ווערן אונדזער נייער סוינע, מיט וועמען מיר דאַרפן זיך באַגיין זייער פאַרזיכטיק. איך מיט נאָך 6 כאַווירים בלייבן אין בודיסקער וואַלד, אָפּוואַרטן די פאַרוווּנדעטע וואָס מען דאַרף ברענגען צו אונדז און דאָ שאַפן דעם צענטער ווו אַלע זאָלן זיך צונויפקומען און פונדאַנען זאָלן זיך צעגיין אין אַנדערע וועלדער, ווו אונדזערע גרופּעס זיינען באַזעצט. דעם טאָג פון דער רוסישער אָקטיאַבער רעוואָלוציע, באַשטימען מיר צו פייערן מיטן אָפּקאָכן עפּעס בעסער עסן, דאָס וועט הייסן דער עמעסער יאָנטעוו צו וועלכן מיר גרייטן זיך שוין אַזוי לאַנג, נאָך דעם קאַמף מיט דעם דייטש וואָס מיר

# חורבן ביאַליסטאָק

האָבן געהאַט, וועלכער האָט בא אונדז אַלץ פאַרכאַפּט און געצוווּנגען אונדז זיך אַף אַ צייט צום איבערציען אין אַנדערע וועלדער. מיר און דעם כאַוואַר דאַטנער קומט אויס דעם טאָג צום קאָכן. מיר לייגן זיך שלאָפן, ווייל די גאַנצע נאַכט זיינען מיר זיך אַנגעגאַנגען, באַקענען זיך מיט דעם נייעם וואַלד און זיך געשאָפן קענטשאַפט מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג, קעדיי שטענדיק קענען באַקומען אינפאָרמאַציעס וואָס זיינען פאַר אונדז נויטיק, בענעגייע דער באַוועגונג פון די דייטשן אַרום אונדז. ניט ווייט פון טייך סופּראַסל פון איין זייט האָבן מיר זיך באַזעצט אין דער 11־טער דזשעליאַנקע נאָענט צום טייך, קעדיי צו קענען נעמען וואַסער. פון אונדזער זייט טייך איז זיך געלעגן אַ קליין דערפל פון אַ 15 שטיבער צעוואָרפן איינער פון אַנדערן ווייט. רויק זיך געלעבט און געפירט די טאָג טעגלעכע אַרבעט.. נאָכן זיין אַ שטיקל צייט אין וואַלד, זיינען מיר אַריין אין דאָרף זיך באַקענען מיטן סאָלטיס (עלטסטער פון דאָרף) און אים צוגעזאָגט פאַרשידענע זאַכן פון אונדז. שליסנדיק מיט אים פריינטשאַפט און פאַרזיכערט, אַז אין דעם דאָרף וועלן מיר ניט מאַכן קיין באַמביאַשקעס, נאָר זיי זאָלן זיך אַליין באַשטייערן אונדז צום אויסהאַלטן מיט עסן וויפל זיי קענען און גלייכצייטיק אונדז געבן יעדיעס וועגן די דייטשן וואָס זיי ווייסן. דער דאָרף איז געווען אַ קליינער, מערסטן טייל פון אָרימע פּויערים, וואָס האָבן געהאַט זייער ווינציק ערד, דערפאַר האָבן אַלע געזאָרגט פאַר אונדז און צוגעזאָגט הילף. מיר האָבן זיך באַצויגן אַ ביסל מיט פאַרזיכטיקייט צו זייער פריינטשאַפט און קאָנטראָלירט לאַנג זייער באַציונג ביז מיר האָבן זיך איבערצייגט אין זייער פולשטענדיקער אָרנטלעכקייט. דאָרטן האָט אויך געוואוינט אַ סערזשאַנט פון דער פּוילישער אַרמיי, וועלכער האָט גע־האַט גרויס אַנזען בא די פּויערים פון אַרום. ער האָט פון אַלץ געוווּסט וואָס עס טוט זיך אין גאַנצן געגענט. נאָכן באַקומען דעם פולשטענדיקן צוטרוי צו אים, פלעגט ער קומען צו אונדז אין דזשעליאַנקע איבערגעבן ווען עס איז פאָרגעשטאַנען עפּעס געפערלעכס פאַר אונדז. דער דאָרף דוואָזשיסק איז אונדז זייער פיל צונויץ געקומען, אין שווערע צייטן.

עס ווערט אַ ביסל וואַרימער עטלעכע שטראַלן גאַנווענען זיך דורך, דורך די געצוייגטע בוימער צו אונדז וואָס זאָגן אַז, מיר זיינען שוין די לעצטע שעלוכים פון זומער פאַר אייך. נוצט אויס די געלעגנהייט און

# פראָלקע קאָט

כאַפּט אַ דרעמל. מיר טוען טאַקע אַזוי און נאָך אַ דיסקוסיע, ווו עס זיינען אַרויסגעשווומען צוויי מיינונגען איין טייל פאַרזיכערט, אַז מען מעג האָבן דעם פולסטן צוטרוי צום דאָרף און דער צווייטער זאָגט, מען דאַרף זיין זייער פאָרזיכטיק, שטעלן מיר אַרויס אַ פּאָסטן (אַ וואַכמאַן) און לייגן זיך שלאָפן מיט די פיס אויסגעצויגן צום אַש פון פייער, עפשער וועט ניט פרירן די פיס און מען וועט קענען אַ דרימל טאָן.

צי איך בין געשלאָפן צי אַזוי געלעגן ווי שטענדיק אויפגעדרייט און פון צייט צו צייט געעפנט די אויגן, און זעענדיק, אַז אַלע ליגן זיי ווייטער פאַרמאַכט, נאָר איך הער ווי מען טורקעט מיר: קאָט, הויב זיך אויף (סטאַוואַי) !, זאָגט אַ כאַווער צו מיר. איך כאַפּ זיך אויף און עס ווערט מיר פינצטער אין די אויגן. איך מיין צו זאָגן ליכטיק. איך ליג אינגאַנצן באַשאָטן מיט שניי און אַלע כאַווירים לעבן מיר ווייס פון שניי וואָס איז אָנגעפאַלן אָף אונדז שלאָפנדיק. מיר האָבן גאָרניט געפילט. ס'איז עפּעס געווען נאַס ליגנדיק, אָבער ווער מאַכט דאָס דערפון אַן אייסעק. אַ נאָווענע, אַז ס'איז נאַס? איצט איז אַלץ ווייטער אָפּגעשלאָסן, מען קען ניט אַרויס קיין טראָט, אַלץ איז געוואָרן מיט איין מאָל אָפּגעריסן, אַזוי פיל אַרבעט איז נאָך דאָ צו דורכפירן און שוין אַ שניי, מען קען שוין אַפילע נאָך קיין וואַסער ניט גיין אָדער עפּעס קאָכן. פאַרפאַלן, מיר קלויבן אויף עמערס שניי מיט בלאָטע פון דער ערד. פרוּוון צעלאָזן דאָס אָפּן פייער, קעדיי צו האָבן וואַסער און פון די בלעטער און ערד צוזאָמען מיט די שניי וואָס עס איז אָנגעפאַלן, מאַכן מיר אונדזער יאָנטעוודיקן מיטאָג לעקאָוועד דער אָקטיאָבער רעוואָלוציע. מען קען זיך פאָרשטעלן וואָס פאַר אַ טאַאַם דער מיטאָג האָט געהאַט, אַז די וואַסער איז געווען שוואַרץ און געשטונקען, נאָר די איבעריקע כאַווירים האָבן געזאָגט, אַז איך קאָך אויסגעצייכנט, און אַז מען וואָלט געמעגט אַזאַ מיטאָג שיקן אָף אַן אויסשטעלונג... וואָס צו קלערן איז שוין ניטאָ. מען טרייסט זיך, אַז דער ערשטער שניי וועט צעגיין און מען וועט זיך קענען איינאָרדענען. דערווייל באַשטימען מיר ניט צו זיצן לײדיק און זיך שטעלן בויען אַ זעמליאַנקע. דאָס הייסט אָף ווינטער אַ הויז, ווייל ווינטער קען מען שוין אָף דער ערד ניט וואוינען ווי זומער. מיר באַשליסן צום אויסגראָבן אַ גרוב פון דריי מעטער אָף פיר מעטער אין קוואַדראַט, די הויך 180 סענטימעטער. מיר שניידן אויס יונגע בוימלעך און

שטעלן אַרום די ווענט און דאַך, עס זאָל זיך קיין זאַמד ניט שיטן. איין עפּענונג צו אַרויסגיין, אַז אַרט אויף די געווער, אַ ספּעציעלן באַם טיר און אַן אייוועלע פון ליים; אויך אַ פּריטשע פון יונגע בוימלעך אינמיטן וואָס, אַז מען לייגט זיך, שטעכן די סענקעס אין אַלע ערטער פון קערפּער. אין דער צייט וואָס מיר האָבן געבויט די זעמליאַנקע, איז דער שניי אַ ביסל אָפּגעגאַנגען. האָבן מיר גלייך באַשלאָסן ווי אַמגיכסטן אויסנוצן דעם וועטער און אַוועק ברענגען צו אונדז די פּאַרווונדעטע כאַוויירים פון די אַנדערע וועלדער, און איינצואָרדענען די אַנדערע גרופּעס צום פריאיקן ווינטער, וואָס האָט זיך געשטעלט. אָבער ווי איבעראַשט מיר ווערן, ווען מיר דערוויסן זיך, אַז פון די פינף וואָס מיר האָבן אַרויסגעשיקט מיט די רוסישע כאַוויירים און אונדזערע כאַוויירים וואָס זיינען געקומען זיי נעמען, זיינען געקומען צוריק אַ העלפט. זיי האָבן אָנגעטראָפן אויף דייטשן, פאַרפירנדיק מיט זיי אַ קאַמף און זיך ניט געקענט אַדורכרייסן דעם וועג. דער שניי האָט געמאַסערט זייערע שליאַדן, און זיי האָבן געמוזט קומען צוריק און בלייבן דערווייל באַ אונדז. פון יענעם אָטריאַד זיינען זיי אַליין אַוועק צו אונדז דורך אַן אַנדער וועג, מיט וועלכן זיי האָבן קיין כאַווי־רים אָן געווער ניט געקענט נעמען. בלייבן מיר שוין ווייטער מיט מער כאַוויירים. מיט די פּאַרווונדעטע קלייבן מיר זיך צונויף 20 מאַן אין אונ־דזער דזשעליאַנקע. דער שניי פאַלט ווייטער אַז און מיר בלייבן זיצן דער־ווייל אויף דעם אָרט, קלערנדיק, וואָס איז געוואָרן מיט די איבעריקע כאַוויירים וואָס זיינען אַוועק אין קרינקער וואַלד אויף צו פאַרלייכטערן אונדזער סיטו־אַציע.

## דאָס ווייטערדיקע לעבן

יעדן טאָג פאַלט צו נייע שניי. מען זעט שוין קיין סימען ניט, אַז עס איז געווען אַ מאָל אַ זומער. די פויגלען האָבן אונדז שוין פאַרלאָזן, אַפילע די וואָס האָבן אונדז שוין געקענט און פלעגן שטענדיק קומען צום מיטאָג כאַפּן אַ שטיק פליייש און אַנטלויפן פון קיך, ווען דער קוכער פלעגט זיך אָפּדרייען אַן אַ זייט, ניט זען.

באַנאַכט קאָכן מיר עסן. יעדן טאָג ווערט פאַרקלענערט די פּאָרציעס,

# פּראָלקע קאַט

ווייל דער שניי ווערט פון טאָג צו טאָג העכער. מיר עסן שוין אינגאַנצן אַז פעטס און אַז זאַלץ. אַ ביסל וואַסער מיט גרויפּן וואָס מיר מאָלן אַז פון קאָרן יעדן טאָג. אַ גרויפּ דאַרף מען זוכן מיט צען פּאָר ברילן, ביכדיי צו געפינען אין קלוימערשטן „זופּ". אַ גאַנצן טאָג דרייען מיר זיך אַרום פון פּראַסט אויפגעדרייט און ביינאַכט, ווען מיר הויבן אַן קאָכן דאָס עסן, דערוואָרעמען מיר זיך פון די האָלץ וואָס עס פעלט ניט. יעדן נאַכט זעגן מיר אונטער אַ סאָסנע און זי ווערט פאַרברענט. עס ברענען די אויגן פון רויך וואָס גייט פון אונדזער אייוועלע און פיל מאָל איז אַזאַ רויך, אַז איינער זעט ניט דעם צווייטן, כאָטש מען ליגט אַזוי נאָענט צונויפגעשטיקט, אַז איינער דאַרף זיך איבערדרייען מוז ער זאָגן דעם צווייטן: כאָים הויב זיך אויף, איך וויל זיך איבערדרייען...

5 כאַווירים זיינען פאַרנומען מיטן קאָכן, צוויי האַקן האָלץ אַ גאַנצע נאַכט, איינער היט און צוויי שאַרן אויף עמערס שניי אָף וואַסער. די האָבן ניט קיין אָרט און זיי שלאָפן באַטאָג ווען אַנדערע גייען אָף וואַך און אַנדערע לויפן אַרום פון וואַנט צו וואַנט זיך דערוואָרעמען די פיס.

פון וועש וואַשן איז אָפּגערעדט. עס קען אויסקומען איינעם אין דריי וואָכן זיין רייע. יעדן אינדערפרי וואַרפן אַלע אַרויס טוצן לייז. מיר זיינען שוין געוואָרן גאַנצע פילאָזאָפן אין דער פראַגע פון לייז, איינטיילנדיק זיי אין פאַרשידענע גרופּעס. און פון וואָס לעבן זיי, האָט זיך נאָר בא אונדז געשטעלט די פראַגע, ווען מיר הונגערן אַליין. עס הויבט אָן ווערן געשווירן בא אַלע כאַווירים אונדזערע, קוים היילן זיך די אויס ווערן אַנדערע באַלד אָף זייער אָרט. ניטאָ קיין רעפּועס, דער דאָקטאָר רעדט וועגן היגיענע און מיר שלאָפן איינע לעבן די אַנדערע. געזונטע צי קראַנקע, אַלץ איינס. מיר לאַכן זיך אויס פון זיינע טעאָריעס, ווען אונדזערע פאַרוווּנדעטע אפילע היילן זיך אויס אָן רעפּועס און אָן דיעטעס. די בעסטע רעפּוע וואָלט געווען ווען זיי האָבן וואָס צו עסן. פון קיינעם האָבן מיר ניט קיינע יעדיעס. די רוסישע גרופּעס קומען אויך ניט און ווען זיי קומען אפילע, קענען זיי ניט צוקומען צוליבן שניי. אַלץ גייט אויס ביסלעכווייז. מען טיילט אויס איין ציגאַר אָף 20 כאַווירים, יעדער איינער אַ צי, אַ שמאַטשקע דעם פּאַפּיראָס, און גיט איבער אַ צווייטן און שוין. קיין פּאַפּיראָסן זיינען אויך ניטאָ. מען קלייבט אויף נאַסע בלעטער פון די דעמבעס, מען טריקנט זיי אויס פון

# כורבן ביאַליסטאָק

שניי און מען רויכערט פּאַרדרייט אין אַ ציַיטונג. באַטאָג גיבן מיר ניט קיין שוועבעלעד צו אָנצינדן אַ פּאַפּיראָס, ווייל מיר האָבן ווינציק שוועבעלעד צו מאַכן פייער. אַזוי גייען טעג און וואָכן. שניי שיט קעסיידער יעדן טאָג מער.

## ניי־יאָר 1944

אַ שטאַרקע זאַווערוכע. עס דרייט דער שניי און ווינט, אַז דער פייער לעשט זיך און דער גאַנצער רויך איז אויף אונדז. שוין דריי שאָ ווי עס קאָכט זיך אַ ביסל וואַסער און נאָך אַפילו ניט אָנגעוואַרעמט. יעדעס מאָל פרעגט אַן אַנדערער כאַווער: וואָס איז מיטן עסן? ווען וועט ער זיין? היינט איז דאָך עפּעס ניי־יאָר. אַ יאַנטעווודיקער עסן, האָט פאַרזיכערט דער קוכער. ריינערע וואַסער! ס'איז אָנגעפאַלן אַ נייער שניי! מאַכט מען אַ וויץ און אַ צווייטער כאַפּט אונטער: וואָס מיינסטו, ווי לאַנג האָב איך שוין קיין ריינע וואַסער ניט געטרונקען? — געוויס עטלעכע מאָנאַטן פאַר דעם לעצטן מאָל זיין אין דאָרף און דאָרט אויך פון אַ ברונעם. און פון אַ קראַן שוין געוויס באַלד אַ יאָר צייט ניט געטרונקען...

בעיס מיר זיצן אַזוי און ווילען זיך און שמועסן וועגן פאַרשידענע זאַכן, קומען צו אונדז פּלוצלונג אַריין פאַרשאַטן אינגאַנצן מיט שניי פינף כאַוויירים אונדזערע פון אַ צווייטן אָרט, 7 קילאָמעטער ווייט, וווּ עס האָבן זיך איינגעאָרדנט 15 כאַוויירים מיטן קאָמאַנדיר און מעלדן, אַז דער קאָמאַנדיר און זיי האָבן באַשלאָסן, אַז מיר דאַרפן אויסנוצן די זאַווערוכע וואָס שיט און וועט פאַרשיטן די מענטשלעכע טריט. געוויס קען מען גיין אין אונדזער באַקאַנטן דאָרף נאָך עסן, אויסנוצנדיק די סילוועסטער נאַכט, ווען די דייטשן שיקערן און היטן ניט דעם וואַלד. עס הויבט זיך אָן אַ דיסקוסיע צי מען מעג גיין. דער שטאַרקער שניי קען אויפהערן אין מינוטן און אַלץ איז פאַרלאָרן. וואָס טוט מען? — יעדער איינער זאָגט אַרויס זיין מיינונג, אָבער דער הונגער ווירקט שטאַרק אויף די מיינונגען פון די כאַוויירים און מען באַשטימט צו גיין אין דעם דאָרף דוואָזשיסק, 7 קילאָמעטער פון אונדז. מען רייניקט אויס דאָס געווער אויף גיך, און צען כאַוויירים פון אונדז גייען אַרויס. עס מישט דער הימל מיט ערד, דער נאַסער שניי שמייסט

# פּראָלקע קאַט

אין פּאַנים און עס ווערט פאַרהאַקט דער אָטעם, שניי ביזן פּאַס, אַלץ ווייס אַרום, מען דערקענט ניט קיין סימען פון עפּעס. נאָענט פון דאָרף זעען מיר שוין ליכט אין די באַטקעס און אַ וואַרעמקייט נעמט אונדז אויך אַרום, זיך פאַרשטעלנדיק ווי וואַרעם און אָנגענעם עס איז אין שטוב איצט.

מיר שטעלן אַרויס אַ פּאָר פּאַסטנס און גייען אַריין אין דאָרף. די הינט בילן ניט דאָס מאָל ווי שטענדיק, ווייל ס׳איז אַז אַווירע אַפילע אַ הונט אַרויסצוטרייבן אין אַזאַ וועטער. מיר גייען אַריין צום סאָלטיס פון דאָרף. עס זיצן זיך פּויערים באַ אים אַרום טיש, ווי שטענדיק, באַ שנאַפּס שמועסן זיי וועגן פּאָליטיק. מיט אונדזער אַריינקומען דערפרייען זיי זיך און פרעגן באַלד ווי אַזוי קען מען אויסהאַלטן אין אַזאַ וועטער. מיר ווילן זיך אָבער ניט לאַנג פאַרהאַלטן און ווילן וואָס פריער אַוועקגיין פון דאָרף. עס זאָל אַמאָל ניט אויפהערן די זאַווערוכע. מיר פרעגן זיך אויס וועגן די אַפּטע שיסערייען וואָס מיר הערן אין וואַלד. מען קלערט אונדז אויף, אַז די דייטשן גייען אַרויס זוכן שפּורן פון מענטשן אַף די שניי און מען האָט ניט לאַנג אָנגעטראָפן אַף אַ רוסישע גרופּע, וועלכע מען האָט צעקלאַפּט און פיל קאַרבאַנעס זיינען געווען פון ביידע צדדים. זיי האָבן געמיינט, אַז מיט אונדז איז אויך עפּעס געשען און האָבן זיך דערפרייט וואָס זיי זעען אונדז גאַנץ. ער באַשטימט אונדז אין וואָס פאַראַ שטיבער מיר דאַרפן אַריינגיין נעמען שפּייז און מיר פאַרלאָזן זיין הויז. דער דאָרף טומלט זיך אין געזאַנג און געשרייען, וועלכע טראָגן זיך פון די שטיבער לעקאָוועד דעם ניי־יאָר. אין יעדער שטוב וואָס מיר גייען אַריין, אומעטום, איז ליבטיק און פריילעך. מען זיצט און מען ווינטשט זיך ווי קיין קריג וואָלט ניט געווען און אַנדערע מענטשן גייען אַזוי אַפּ מיט בלוט. דער דאָרף פילט שוואַך די גאַנצע טראַגעדיע פון דער וועלט. אונדזער אַריינקומען פאַרשנייטע און פאַרפראָרענע דערשרעקט זיי אַ ביסל, און האַקט איבער זייער רויִקן פאַרברענגען. אונדזער געווער און בליק שטעכט זיי דורך און ברענגט אַריין אַ צעטומלונג. עפּעס אַ שולד הויבן זיי אָן פילן, וואָס זיי זיצן דאָ און פאַרברענגען אין סאַמע צענטער פון די געשעענישן.

די קעלט וואָס רייסט זיך אַריין דורך דער אָפענער טיר פאַרפרירט זייערע פּנעמער און עס לייענט זיך דער אויסדרוק פון פילן זיך שולדיק פאַרוואָס זיי זיצן דאָ און גייען ניט פאַרטיידיקן זייערם. זיי פאַרעדן זיך

# כורבן ביאַליסטאָק

אַליין מיט דעם דערציילן אונדז די נייס, אַז די רויטע אַרמיי איז שוין אַריין אין דער ערשטער שטאָט פון געוועזענעם פוילן סאַרנע און איר פאַרנומען, און איינגיכן וועלן מיר שוין ווערן באַפרייט. עס גלוסט זיך פון דער שטוב ניט אַרויס. די וואַרעמקייט צענעמט אונדז און דערמאָנט אין דעם נאָר־מאַלן לעבן. אָבער ניטאָ קיין צייט צום קלערן, מיר עפענען די זעקלעך, שיטן אָן וואָס עס געהערט אונדז און פאַרלאָזן דעם דאָרף. אָפּגייענדיק עטלעכע קילאָמעטער פון דאָרף, הערט פּלוצלינג אויף די זאַווערוכע און מיר בלייבן שטיין אינמיטן זיך איבערקוקנדיק, איינער צום אַנדערן. די טריט פון דאָרף צום וואַלד זיינען קאָנטיק ווי אַ שאָסיי. מען טאָר מער ניט קיין טראָט טאָן. מיר ווייסן שוין פאָרויס יעדער איינער באַ זיך, אַז מאָרגן האָבן מיר באַ זיך די הינט — די דייטשן דאָס איז זיכער. שווערער ווערט נאָך אַפן האַרצן. וואָס טוט מען איצט? וווּ גייט מען? ווען יעדער טראָט ווייזט וווּ מיר געפינען זיך. יעדער איינער, אינסטינקטיוו לייגט צו די האַנט צו די קוילן און קוקט איבער די געווער. אַ שטיל שווייגן — עטלעכע מינוט באַהעלטעניש. אין דער פינסטערער ווייסקייט פון וואַלד, ביז איינער רופט זיך אָפּ: מיר גיין אַלע אין איין אָרט. ביכדיי זיי זאָלן כאָטש קומען אין איין אָרט און ניט מאַסערן עטלעכע ערטער פון אונדזער גרופּע, מיר שיקן שפּיין צו אַן אַנדער גרופּע, מיט 3 כאַוויירים, זיי אָנזאָגן מ׳זאָל זיין גרייט, אַלע אי־בעריקע גייען אוועק אין איין אָרט. אָן דיסקוסיעס נעמט מען ווייטער די שפּיין און יעדער טראָט אַפן ווייסן שניי אין וואַלד רייסט אָפּ אַ שטיק לעבן און מאַכט קעלטער און דורכשטעכנדיקער יעדנס בליק. איך בין צווישן די 3 וואָס גייען אַפן צווייטן אָרט, אָבער ניט לאַנג וואַרטנדיק, אַזוי ווי עס ווערט נאָך טאָג, הערן מיר שוין אין וואַלד אַ שטאַרקע שיסעריי און ענטפער שאָסן. מיר פאַרשטייען באַלד, אַז אונדזער גרופּע קעמפט שוין דאָרטן מיט די דייטשן. די אַנדערע כאַוויירים וואָס זיינען געקומען מיטן קאָמאַנדיר נאָך דעם עסן, האָבן באַלד זיך אויפגעפּאַקט און אַרויסגעשטעלט אַ פּאָסטן צו קוקן אָף דער סטעזשקע, וואָס עס האָט געצויגן איבערן גאַנצן וואַלד צו זייער זעמליאַנקע און פאַראָרדנט דעם פּאָסטן ניט צו שיסן צו די דייטשן, נאָר מעלדן ווען זיי וועלן גיין. ניט לאַנג שטייענדיק, האָט ער שוין געזען, ווי זיי גייען טראָט נאָך טראָט צום אָרט, ניט קענענדיק זיי איבערציילן. דער קאָמאַנדיר הייסט גלייך זיך צעטיילן אין צוויי גרופּעס: איינע אין איין

## פראָלקע קאָט

ריכטונג און די צווייטע אין אַ צווייטע. 7 מאַן גייען מיטן קאָמאַנדיר שעפּסל באַראַוויק און די רעשט 15 כאַווײרים מיט אַ כאַווערטע פון שטאָט, מאַלקע וויעזשעביצקי וואָס איז געקומען צו אונדז אַף ווינטער, אין אַ צווייטע ריכטונג. די דייטשן האָבן זיך געלאָזט יאָגן נאָך די שליאַדן פון דער קלענערער גרופּע מיטן קאָמאַנדיר זיי פאַרפאָלגנדיק אַ גאַנצן טאָג.

קעמפנדיק ביז שפּעט אין אָוונט האָבן זיי פאַרלאָרן 6 כאַווײרים מיטן קאָמאַנדיר. איינעם איז געלונגען זיך צו ראַטעווען. פון די דייטשן זיינען געווען צוויי געהאַרגעטע. איין כאַווער האָט צוויי טעג אין וואַלד זיך אַרומ־געדרייט און פאַרשטאַנען, אַז ער טאָר צו קיינעם ניט אַריינגיין, ווייל יעדער טראַט זיינער איז געווען קענטיק און וואַלט ווייטער געקענט אומברענגען אַ גרופּע, צו וועלכער ער וואָלט אַריין, אָבער דער הונגער און קעלט, האָט אים געצוווּנגען אַריינגיין צו אַ לעשניטשע (היטער פון וואַלד) וואָס וואוינט אין וואַלד בעטן עסן, מען האָט אים געגעבן עסן און דורך דער צווייטער טיר האָט ער אַרויסגעשיקט דער פרוי זיינער מעלדן די דייטשן. עס זיינען אָנגעקומען דייטשן, אַרומגערינגלט די הויז מיט געווער און אים גענומען אַ לעבעדיקן געבראַכט אין סופּראַסלע צו זייער שטאַב און גע־מוטשעט און געשלאָגן, ער זאָל אַרויסגעבן די ערטער ווו עס געפינען זיך די פאַרטיזאַנער. ער האָט אָבער ניט אַרויסגעגעבן. האָבן זיי אים אָנגעטאָן דייטשישע קליידער און געגעבן עסן טרינקען פון דאָס בעסטע, צוזאָגנדיק אים לאָזן לעבן, ער זאָל נאָר זאָגן צי ער איז געווען אין דאָרף און צי דער סאָלטיס פון דאָרף האָט אים געגעבן שפּייז. זיי האָבן געבראַכט דעם סאָלטיס פון דאָרף, איינגעשטעלט אַף אַ קאָנפראָנטאַציע מיט אים. ער האָט זיך אָבער געהאַלטן קעמפעריש און געמאָלדן, אַז ער קען אים ניט אײַנ־גאַנצן, ער זעט אים דאָ צום ערשטן מאָל. דאַן זאָגט דער דייטש צום סאָלטיס: דער איד האָט דיר געראַטעוועט מיטן גאַנצן דאָרף, כאָטש איך ווייס אַף זיכער, אַז דו האָסט אים געגעבן עסן.

זעענדיק, אַז זיי קענען פון אים גאָרניט אַרויסקריגן ,האָבן זיי נאָך פּרובירט דאָס לעצטע, אים געפירט אין וואַלד, ער זאָל ווייזן ווו מען וואוינט. ער האָט זיי אָבער פאַרפירט אין אַנדערע ערטער אַראָפּפירנדיק פון עמעסן וועג און זיי האָבן אים דערשאָסן. אַזוי העלדיש האָבן געקעמפט אונדזערע כאַווײרים. יעדער איינער אין וואָס פאַרא באַדינגונגען ער איז

# כורבן ביאַליסטאָק

ניט געווען, האָט אַרויסגעוויזן זיינע העלדישקייטן. דער דאָרף האָט דאָס אָפּגעשאָצט און נאָך מיט מער צוטרוי אונדז ווייטער, קעסיידער אונטער־שטיצט.

די איבעריקע גרופּעס האָבן זיך געדרייט אין וואַלד אַ וואָך צייט, ביז עס איז אַ ביסל אָפּגעגאַנגען דער שניי און אַריין צו אַ גרופּע וועלכע האָט געוואוינט אין סופּראַסלער וואַלד, אַזוי, אַז איצט האָבן זיי אַלע געמוזט לעבן שטייענדיק, ווייל זיך צולייגן איז שוין ניט געווען אַווּ, נאָך דאָס ביסל עסן וואָס זיי האָבן געבראַכט פאַרפראָרן פון אַזוי לאַנג טראָגן, האָט זיי אָפּגעראַטעוועט. אַ נייעם אָרט קריגן, האָט מען ווינטער ניט גע־קענט און מען האָט געמוזט בלייבן לעבן אין די באַדינגונגען. מיר זיינען אָפּגעריסן צוליבן שניי וואָס פאַלט טאָג טעגלעך אָן. פון אַלע אַרומיקע גרופּעס וואָס זיינען געווען צעטיילט אין די וועלדער, האָבן מיר נאָך ניי־יאָר ניט געהאַט קיין שום ידיעס פון זייערע באַדינגונגען. מיר הערן נאָר יעדן פאַרטאָג נייע שיסערייען אַרום אונדז פון די דייטשן, וואָס גייען אַרום זוכן, ווּ מיר געפינען זיך, ווייל אין דאָרף, ווען מיר זיינען געווען ניי־יאָר, האָט זיך געפונען צו גאַסט באַ אַ מיידל פון דאָרף, דעם מילנערס זון פון מיענדזשיזשעטש און ער האָט דאָס אַרויסגעגעבן, אַז מיר זיינען געווען אין דאָרף און מען האָט אונדז גוטוויליק געגעבן שטייערן אין דער פאָרם פון עסן. (מיר האָבן זיך וועגן דעם דערוווּסט שפּעטער).

דאָס עסן וואָס מיר האָבן געבראַכט פון דאָרף, האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. וועגן אַרויסגיין זיך שאַפן נייע, איז קיין רייד ניטאָ. דער שניי צעגייט ניט און יעדער טאָג דער זעלבער פּראָגראַם: אינדערפרי דאָס קרייען פון העגער וואָס דערגייט צו אונדז פון דאָרף (אין דער שטילקייט פון וואַלד הערט זיך דאָס זייער ווייט) און אין די מיטיק שאָען שיסערייען. דער הונגער, וואָס איז באַ אונדז קעסיידער און וויל ניט אַוועקגיין, פאַר־שטאַרקט זיך וואָס אַ מאָל מער און מען נעמט שוין קלערן וואָס טאָן ווייטער. מען מוז אַרויס. די זאַווערוכעס זיינען אָבער אָפּטע. וועגן אַרויס־גיין איז שוין קיין רייד ניטאָ. צופיל האָט אונדז שוין געקאָסט דעם מאָל דאָס אַרויסגיין. מיר קלייבן אויס דעם כאַווער (קאָלע) ניאַמע קירזשנער פאַרן קאָמאַנדיר אַנשטאָט דעם אומגעקומענעם קאָמאַנדיר אונדזערן שעפּסל באַראַווניק. אָבער אַז ענדערונגען, קיינער וויל ניט נעמען אַף זיך

# טראָלקע קאַט

די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון הייסן טאָן. אַלץ ווערט דיסקוטירט פון אַלעמען. דער אָוונט שטעלט זיך ווי שטענדיק, מיטן אײַנהייצן און קאָכן וואָס ווייטער אַלץ קלענערע פּאָרציעס, וואָס באַם טיילן וויל מען שוין אַפילע ניט קוקן אַף דעם, ווײַל אַ ביסל ווינציקער וואַסער, מער, אַלץ אײַנס נאָכן עסן הויבט ערשט אָן זיך גלוסטן עסן. ניט עסן איז שוין בעסער. מען איז שוין צוגעוואוינט, ניטאָ צוליב וואָס צו וואַרטן אַפן קאָכן ווי פריער. כאַווײַרים ליגן און אַלע באַקומען געשווירן אַפן לײַב. אײַנער הײלט זיך אויס און דריי ווערן קראַנק. אונדזער דאָקטאָר קוקט שוין אַפילע ניט. וואָס וועט ער קוקן, ווען קיין שום רעפועס זײַנען ניטאָ. מיר פּרוּוון זוכן אַן אויסוועג און נאָך אַ וואָך דיסקוטירן באַשליסן מיר, אַז עס זאָלן אַרויסגיין פיר כאַווײַרים און פאַרשיטן הינטער זיך די שליאַדעם מיט שניי. די פיר כאַווײַרים זאָלן אַרײַנגיין אין אַ דאָרף נעמען אַ פערד, וואָס מיר וועלן שפּעטער קוילענען, קעדיי צו האָבן וואָס צו עסן, וועט דאָס פאַרפירן: מ׳וועט מיינען, אַז מיר זײַנען אַוועקגעפאָרן ווײַט. בעלעס ברײַרע איז דאָס אָנגענומען געוואָרן פון דער גרעסטער צאָל כאַווײַרים און די באַשטימטע זײַנען אַרויס. אָבער באַלד קומען זיי צוריק און מעלדן, אַז דאָס בריקל פון טײַך וואָס מיר פלעגן שטענדיק אַדורכגיין איז אויפגעריסן, ווײַזט אויס פון אײַז און מיר קענען נישט דורכגיין.

ווײַטער אַ פּראָבלעם: וואָס טוט מען איצט? מען קלערט ווײַטער און מען דיסקוטירט. דער כאַווער מאָטל טשרעמאָשנע, אַ סטאָליער, לײגט פאָר, אַז מיר זאָלן מאַכן אַ טראַטווע און אַריבערשווימען. מיר זעגן אָפּ בוימלעך און בינדן זיי צענויף מיט שמאַטעס פון זאַכן וואָס מען צערײסט. מיר טראָגן זיי צום טײַך און פאָרמירן צוויי שטריק, וועלכע אײַנער ציט פון אײן זײַט טײַך און דער צווייטער פון דער צווייטער זײַט טײַך. אַזוי פירן מיר אַריבער אונדזערע עטלעכע כאַווײַרים אַפן אַנדערן זײַט. מיר מיטן פּולעמיאָט באַשטימט מען צום גיין דער לעצטער. די טראַטווע איז באַדעקט מיט אײַז. דער פראָסט איז אַזוי שטאַרק, אַז ווי עס פאַלט נאָר אַ ביסל וואַסער אַרויף, ווערט גלײַך אײַז. ווי נאָר איך גיי אַרויף גליטש איך זיך אויס און פאַל אַרײַן מיטן פּולעמיאָט אין טײַך. מען שלעפּט מיר אַרויס אינגאַנצן פאַרפראָרן. איך גיב דעם פּולעמיאָט אַריבערצופירן און אַליין, איז מיר דערנאָך לײַכטער אַריבערצוקומען אַפן צווייטן זײַט. צוויי כאַווײַרים

# כורבן ביאַליסטאָק

לאָזן מיר איבער היטן די טראַטווע, מען זאָל קענען אַריבערגיין צוריק. מיר דאַרפן איצט גיין 15 קילאָמעטער נאָך צום אָרט ווו מיר האָבן באַשטימט. דער שניי איז ערטערווייז ביזן האַלדז. אַ פּאָרע גייט פון יעדן איינעמס זאַכן, אָבער די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער אויפגאַבע איז אַזוי שטאַרק בײַ יעדן איינעם, אַז מען גייט נאָך פאָרויס מיט די לעצטע קויכעס.

מיר קומען צו צום דאָרף שפּעט אין דער נאַכט, פינסטער אַרום. איינצלנע כאַטקעס צעוואָרפן און פאַרשנייט, נאָך קוימענס זעען זיך. מיר קלאַפּן אָן, עס גייט אַרויס אַ פּויער אין די גאַטקעס עפּנט און ווערט באַלד דערשראָקן. אין אַזאַ וועטער מיט געווער, פון וואַנען? מיר לאָזן לאַנג ניט קלערן, בעטן דעם שליסל פון שטאַל און אַ לאָמפּ. ער גייט מיט אונדז אַרויס און מיר נעמען זיין פערד זאַגנדיק, אַז מאָרגן קריגט ער אים צוריק, ווי שטענדיק. מען פירט אַריין דעם פערד ביז אַ העלפט וועג אין וואַלד, מען הארגעט אים און מען צעטיילט די כאַווײרים אין זעק צו טיילן, די רעשט בלייבט איבער. פאַרטאָג קומען מיר אָן צוריק צום אָרט. די כאַווײרים וואַרטן שוין מיט אומגעדולד און ווען זיי דערוויסן זיך, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, ווי מיר האָבן באַשטימט פריער, איז בײַ זיי אַ גרויסע צופרידנקייט. ווי דורכגע־נעצט מיר זיינען געקומען, אַזוי בלייבן מיר דעם טאָג און קיינער האָט פון אונדז וואָס זיינען געגאַנגען אַפילו קיין הוסט ניט געטאָן. איינער רופט זיך אָפּ: איצט, נאָכדעם ווי איך בין מיט די זאַכן אַריין אין טייך און גע־וואָרן אייז שטיק אייז און נאָך גיין אַזאַ וועג, געקומען צוריק און אַלץ אין בעסטן אָרדענונג, פאַרשטיי איך פאַרוואָס כאַיעס אין וואַלד דאַרפן ניט קיין דאָקטוירים. אַלע זיינען צופרידן: מיר האָבן שוין אויף דריי וואָכן צו עסן הוילע פערדן פלייש. אַזוי ציען זיך וואָכן און דער ווינטער האַלט אונדז אין זיין צוים, קעסיידער בײַ די ערגסטע באַדינגונגען. פול מיט ענער־גיע צום קאַמף, האָבן מיר ניט קיין מעגלעכקייטן אויסצונוצן אונדזער געווער, אָבער דער מוט און די איבערגעגעבנקייט פון איינעם צום אַנדערן ווערט בײַ אונדז זייער פאַרשטאַרקט. אַ גרויסע סאַטיספאַקציע זיינען די שמועסן וואָס מיר פירן צווישן זיך. וואָס פאַר אַ פאַרגלייך מיט דער פירונג פון געטאָ, וואָס איז געווען דער הייפּעך פון אונדזער האַלטונג! די זעלבע אידן, פון דער זעלבער שטאָט, אָבער דאָך אַנדערע אין אַלע הינזיכטן.

## כורבן ביאַליסטאָק

# אין טאָג פון דער רויטער אַרמיי

(23־טער פעברואַר 1944)

די רויטע ארמיי זיגט אַף אַלע פראָנטן און גייט וואָס ווייטער נענטער צו אונדז. אַנדערע כאַוויירים, הערן שוין געוויסע גרויסע אויפרייסן און ווילן איבערציינגן, אַז דאָס זיינען ווייטע סאָוועטישע אַרטילעריע שאָסן. יעדער איינער גייט אַרויס פון אויבן און פרעגט דעם פּאָסטן צי ער הערט גאָרניט. האָפענונגען פון קענען אַרויסגיין, באַצאָלן אַ ביסל דעם דייטש פאַרן שווערן ווינטער וואָס מיר גייען אַ דורך, פאַר אונדזערע בעסטע כאַוויירים וואָס זיינען געפאַלן און וויזן, אַז מיר זיינען נאָך דאָ! ער איז נאָך פון אונדזער גרופּע ניט פּאַטער, ווי ער מיינט. די גאַנצע שמועסן זיינען וועגן באַפרייונג און מיר קענען ניט ווי פריער, זומער צייט, גיין עפּעס אויפרייסן אַף די וועגן נאָר זיך באַגנוגענען מיט אָפּקאָכן עפּעס אַנדערש ווי אַלע מאָל, קעדיי צו שאַפן אַ יאָמטעוודיקע שטימונג. כאַוויירים גרייטן זיך מיט דערציילונגען וועגן דער רויטער אַרמיי, איר שאַפונג און קאַמפּס אויפגאַבן, באַם עסן, וואָס עס גרייט צו אונדזער כאַווער וועלכן מיר האָבן אויסגעקליבן ספּעציעל צו קאָכן פאַר דעם טאָג. ס'איז שוין אַפילע געענדיקט די פלייש וואָס מיר האָבן געגעסן דריי וואָכן, אָבער ס'איז נאָך געבליבן די קישקעס פון פערד, זאָגט צו דער כאַווער קעכער, אַז ער וועט צוגרייטן אַן עמעסע קישקע פון טשאָלנט, ווי אַמאָל אין דער היים אין די גוטע צייטן. מיר קלערן אויף דעם רוסישן כאַווער, וואָס איז געווען מיט אונדז, וואָס פאַרא טאַם עס האָט אידישע קישקע פון טשאָלנט, ווי גוט דאָס איז, אַז דער בריוונטרעגער וואָס פלעגט אַמאָל טראָגן פאַר אונדז בריוו, פלעגט קומען ספּעציעל עסן טשאָלנט און קישקע.

אַלע פאַרעך זיך אַרום יאָמטעוו. מען פילט אַז די קישקע מיט עטלעכע קאַרטאָפל וואָס עס איז געפונען געוואָרן. דעם טאָג הערן מיר אַ ספּעציעל נאָענטע שיסערייַ און שטאַרקערע ווי שטענדיק, אָבער מיר לייגן שוין אַף דעם קיין אכט. 12 אַזייגער באַטאָג, לויט אונדזער אויסרעכענונג, זעצן מיר זיך אַוועק צו פּראַוועון דעם יאָמטעוו אַף אונדזער פּרימיטיווען אויפן אין די באַדינגונגען ווי מיר לעבן. דעם כאַווער כאַים קומט אויס אַרויסגיין אַף וואַך, ער איז ניט צופרידן, וואָס אין דער וויכטיקסטער צייט, ווען אַלע

גרייטן זיך אַזוי, דאַרף ער אַרויסגיין און שטיין אַ שאָ אויף וואַך. אָבער פֿאַרפֿאַלן, ער איז אַוועק.

די קישקע איז אַרויס שוואַרץ ווי סאַזשע, רוי אינמיטן, ווייל זי איז געווען צופיל אָנגעשטאָפּט און ווייניק געקאָכט. מיר עסן און פּאַסמאַקעווען זיך אַלע און קוקן אויפן רוסישן כאַוועך ווי עס ווירקט אויף אים. מיר עסן און דערמאָנען זיך אין אַמאָל, אָבער ער מוז קלערן וואָס איז דאָס פאַר אַ מאַיכל? געלוינט אַזוי פיל צו וואַרטן אויף דעם און אויסהערן דערקלערונגען וועגן דעם. עס הייבן זיך אָן די דערציילונגען פון די כאַווירים, אינמיטן הערן מיר ווי דער כ' כאַים כאַלעף שרייט אויס: סטאָי! מיר באַווייזן זיך נאָך ניט אָריענטירן, באַלד אַ שטאַרקע שיסעריי אויף אונדז פון אַן אויטאָמאַט. מיר כאַפּן די געווער און לויפן אַרויס ווער באַרוועס, ווער מיט איין שוך און זען ווי דער כאַוועך אונדזערער ליגט אויף דער ערד און אַ מענטש אין ציווילע קליידער מיט אַן אויטאָמאַט אַנטלויפט. מיר לויפן צו צום כאַוועך כאַים און ער דערציילט, אַז דער אומבאַקאַנטער איז געגאַנגען צו אים און ווענדיק אים פאַרהאַלטן, האָט יענער אָנגעהויבן שיסן, איז ער גלייך אַנידערגעפאַלן. מיר באַשטימען, אַז מיר מוזן אַוועקגיין פון אָרט, ניט ווייסנדיק ווער דער מענטש איז און וואָס פאַראַ שיסעריי עס איז געווען אַ גאַנצן טאָג. אַרום איז שניי, יעדער טראָט מאַסערט וווּ מיר געפינען זיך, אָבער מיר באַשטימען אַוועקגיין, זיך דרייענדיק אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט אין וואַלד, אויף פאַרשידענע וועגן, ביכדיי צום פאַרווישן די טריט. די שיסערייען אין וואַלד האָבן זיך געענדיקט אין אָוונט שפּעט און מיר באַשליסן צו צוגיין זיך אָפּרוען אין דעם אָרט פון וואַנען אונדזער גרופּע איז פאַרטריבן געוואָרן ניי־יאָר. צו אַנדערע גרופּעס טאָרן מיר ניט גיין, מעג אָפילע אויסקומען צו זיין אויפן שניי מאָנאַטן. מיר דערנענטערן זיך צום אָרט, און אינסטינקטיוו פילט יעדער איינער אַ שרעק צו אַריינגיין אינעווייניק, וווּ עס איז פינצטער און עס דערמאָנט אין יעדן כאַוועך וואָס איז צוזאַמען מיט אונדז געווען אין אַזויפיל קאַמפן, דורכמאַכנדיק די שווערסטע צייט ביזן אומקומען אין ניי־יאָר. מיר מוזן, אָבער, דערווייל בלייבן דאָ, אין זעלבן אָרט וווּ אונדזערע בעסטע כאַווירים האָבן פאַרלאָרן זייער לעבן, וואָס וועט צוליב זייער קעמפערישער האַלטונג און מענטשלעכער באַציונג זיין אין דער צוקונפט אַ לערע אין וועג פאַר אַנדערע, ווייל אויסגעהאַלטנ־

# סראָלקע קאָט

קיט און קאַמף קעגן אומרעכט גייט ניט פאַרלאָרן. דעם קאַמף פירן ווייטער די איבערגעבליבענע כאַווײרים אין אָנדענק פון די אומגעקומענע.

מיר פאַרשטאַרקן די פּאָסטנס, ווײל דער כאַוועד דאַטנער איז בײַ דער שיסערײַ וואָס איז געווען אַף אונדז אַוועק אין אַ צווייטער ריכטונג און ער פעלט, ווייסן מיר ניט וואָס מיט אים איז געשען. דרײַ טעג ליגן מיר אַזוי אין נײַעם אָרט אײַנגאַנצן אָן לעבנסמיטל, ווײל מיר זײַנען אין איילעניש אַוועק און גאָרניט געקענט מיטנעמען און דאָ, איז אַלץ צעבראָכן פון די דײַטשן וואָס זײַנען דאָ געווען. עס הויבט אָן אַ ביסל צו צעגיין דער שניי און עס רינט אַרײַן דורך דער ערד. דער אײנציקער זאָרג אונדזער איז, וואָס איז געשען מיטן כאַווער דאַטנער? אײנמאָל, שטײענדיק אַף דער וואַך, זע איך ווי פון דער ווײַטנס, גייט צו אונדז אַ מענטש, ניט קענענדיק צוליב די בוימער אים זען, גיב איך איבער אַלעמען און מען גייט אַרויס זיך אויסלײגנדיק אַפן שניי. ווי איבעראַשט זײַנען מיר געוואָרן, ווען דער כאַווער וואָס האָט אים אָבסערווירט, האָט אויסגעשריען: דאַטנער גייט. מיר ציטערן אַלע אויף פון איבעראַשונג, קוים וואָס ער שלעפּט זיך צו אונדז מיט אַ זאַק אַפן פּלײצע און דער ביקס אין האַנט. דער ערשטער לויף איך צו און צעקוש זיך מיט אים, נאָך מיר אַלע איבעריקע. מיט טרערן אין די אויגן באַגעגענען מיר זיך. אומבאַשרײַבלעך איז די פרייד געווען אין דעם מאָמענט.

מיר דערווייסן זיך פון דעם כאַווער דאַטנער, אַז די דרײַ טעג איז ער געווען אין דאָרף דוואָזשיסק, געלעגן באַהאַלטן באַם סאָלטיס. די דײַטשן האָבן געהאַט אַ קאַמף דעם טאָג מיט אַ רוסישער גרופּע, וואָס איז אײַנגאַנצן געווען פון אונדז 5 קילאָמעטער. פיל קאָרבאָנעס זײַנען געווען פון ביידע זײַטן און דער מענטש וואָס איז פאַרלאָפן צו אונדז, איז געווען אַ רוסישער פּאַרטיזאַן פון יענער גרופּע, וואָס די דײַטשן האָבן אים נאָכגעפאָלגט און נאָכגעשאָסן די גאַנצע צײַט נאָך די שליאַדעס. ער, ניט ווייסנדיק, אַז מיר געפינען זיך דאָ אַף דעם אָרט דערהערנדיק דעם אויסגעשרײַ סטאָי! פון אונדזער כאַווער האָט ער געמיינט, אַז דאָס זײַנען דײַטשן וועלכע יאָגן אים ווייטער, האָט ער גלייך געעפנט אַ שיסערײַ און זיך צוריקגעצויגן. פאַר אונדז איז דאָס געווען זייער אַ גרויסער קלאַפּ. אַף יענעם אָרט טאָרן מיר זיך שוין ניט אומקערן, ווײל זײַענדיק אין דאָרף האָט ער

זיך דערוווּסט, אַז די דייטשן ברענגען פאַרשטאַרקונגען און נעמען זיך דורכקאָנטראָלירן דעם וואַלד לויט די מענטשלעכע טריט, וואָס זיינען געוואָרן פון די קאַמפן צעטראָגן איבערן גאַנצן וואַלד. מיר מוזן בלייבן דערווייל דאָ ביז דער שניי, וועלכער גיט אונדז ניט די מעגלעכקייט אַף קיינע אָפּעראַציעס וועט צעגיין. שווער ציען זיך פאַר אונדז ווייטער די ווייטערדיקע טעג, אָבער שוין די לעצטע. עס קומט אָן דער מאָנאַט מערץ און די זון הויבט שוין אָן צו וואַרעמען אַ ביסל בייטאָג. אין שטאָט איז שוין זיכער דער שניי צעגאַנגען, אָבער דאָ לעבן מיר מיט דער האָפענונג. דאָס ביסל קאַרטאָפל וואָס דאַטנער האָט געבראַכט מיט זיך פון דאָרף, איז דערווייל די איינציקע שפּייז פאַר פופצן מאַן. מיר מאַכן אַן אויווּעלע פון האָלץ, וועלכע ברענט זיך שטענדיק אויס און מען דאַרף יעדע פאָר טעג בויען איבעראַניים. אין אַפּריל ענדיקט זיך שוין בא אונדז אינגאַנצן די שפּייז און מיר באַשליסן אַרויסגיין.

דער ערשטער גאַנג איז צו אונדזער פריערדיקער באַהעלטעניש, וואָס מיר האָבן געהאַט פאַרלאָזן, זען וואָס איז געוואָרן פאַר דער צייט, און, צווייטנס האָט דער כאַווער דאַטנער דאָרטן איבערגעלאָזן מיט זעקס וואָכן צוריק אַ לעבל ברויט. רעכענען מיר אויס, אַז ס'וועט אויסמאַכן פאַר אַ כאַווער 120 גראַם ברויט און דאָס איז איצט גאָר אַ גרויסע מעציע. זעקס כאַווירים קלייבן מיר אויס צו גיין פאָרויס און אויב מעגלעך אַריינגן אין דאָרף זיך דערוויסן, וואָס עס טוט זיך אַרום. מיר קומט אויס גיין צווישן די 6 כאַווירים, מיר האַלטן זיך נאָר אַף די טיילן, ווו עס איז דאָ גראָז. קומענדיק אין אונדזער אַלטער זעמליאַנקע 7 קילאָמעטער פון דעם נייעם אָרט, טרעפן מיר אָן דאָס ברויט איז אויפגעגעסן געוואָרן פאַר דער צייט פון אַ מויז, ס'איז נאָר געבליבן די אויבערשטע אַלטע סקורקע. אָנשטאָט 120 גראַם, וועט נאָר זיין 20 גראַם אַף יעדן איינעם. יעדער איינער נעמט זיין שטיקל ברויט און צעקייט גוט יעדן ביסן איידער ער שלינגט ער אַראָפּ. די געשמאַקייט און באַטאַמטקייט פון יענעם שטיקל ברויט, וואָס איז געווען האַרט ווי שטיין, פאַרפּאָרן און צעפרעסן פון אַ מויז און קלענער ווי אַ קעזאַיס, וועל איך געדענקען מיין גאַנץ לעבן. איצט ווען איך האָב שוין די מעגלעכקייט צו עסן די בעסטע מייכאָלים, האָב איך נאָך ניט געטראָפן אַזאַ געשמאַקייט אין קיין עסן ווי דענסמאָל אין דעם פּיצעלע

# פּ ר אָ ל ק ע  ק אָ ט

ברויט. מיר גייען אריין דערנאָך אין דאָרף. מיר דערוויסן זיך, אַז דער פראָנט איז שוין גאָר נאָנט פון אונדז. מיר באַשליסן צו קומען און דערקלערן די כאַוויירים, אַז מיר מעגן זיך שוין גרייטן צו אַרויסגיין, אַנהויבן צוריק לעבן מיטן פרילינג, וואָס ברענגט פאַר אונדז די מעגלעכ־קייט זיך צו קענען פריי באַוועגן, אַנבינדן קאָנטאַקט מיט אַלעמען, וואָס געפינען זיך אין וואַלד, און באַצאָלן דעם דייטש פאַר אונדזערע לײַדן און פאַר אונדזערע כאַוויירים וואָס זיינען געפאַלן.

## מיר זיינען ווידער דאָ!

דער נייער פרילינג שטעלט זיך פאַר אונדז ווי אַ דערלייזער פון די פּסיכישע און פיזישע לײַדן פון גאַנצן ווינטער, וואָס האָט זיך איינגעגעסן אין אונדז אַזוי שטאַרק אין די ביינער. עס בלייבט בײַ יעדן איינעם פון אונדז, וואָס האָט דאָס אַדורכגעלעבט, דער געפיל פון די נאָכאַנאַנדיקע לײַדן און ווער פון מיינע כאַוויירים וואָס איז געווען מיט מיר צוזאַמען, וועט דאָס דערמאָנען, וועט שטענדיק, ווען ער וועט דערציילן, מוזן בלייבן לאַנג אונטערן איינדרוק מיט אַ גרויסן בלייז, פון ניט קענען ווירקן, אַז דער צוהערער זאָל דאָס פילן מיט אים גלייך. אָבער ס'איז ניטאָ קיין שטאַר־קערער קויעך וואָס זאָל קענען ענדערן דעם גאַנג פון דער נאַטור: די זון מאַכט צונישט דעם גאַנצן שניי און ווישט אים אָפּ פון דער אויבערפלאַך מאַכנדיק אַ וועג פאַר אונדז צום נייעם לעבן, וואָס הויבט זיך אָן מיטן אַרויסקריכן פון די זעמליאַנקעס אויף דער פרייער ערד און זיך קענען צע־שפּרייטן איבער אַלע טיילן פון וואַלד, אויסשרייענדיק אונדזער וואָרט: מיר זיינען ווידער דאָ!

דער פראָנט איז שוין גאָר נאָענט פון אונדז. די דייטשן אָרגאַניזירן אַלע קויכעס אויף פאַרשידענע וועגן, ביכדיי אונדז צו אויפדעקן. זיי טוען איבער אוקראַינער, ווייסרוסן אין ציווילע קליידער, שיקן אין וואַלד אַלס פּאַרטיזאַנער זיך אַריינקריגן צו אונדז און אויפדעקן. פיל קאַמפן האָבן מיר מיט זיי וועלכע פאַרשאַפן אונדז און זיי קאָרבאַנעס. דאָס האָט פאַרלענ־גערט אויף פיל צייט שפּעטער אונדזער טרעפונג מיט די רוסישע גרופּעס, וואָס זיינען געקומען אונדז זוכן און געדאַרפט ברענגען הילף. די גרויסע

# כורבן ביאַליסטאָק

באוועגונגען פון אונדז צוריק אין וואלד, האָט געבראכט צו דער טרעפונג פון אונדז מיט די אַלטע גרופּעס רוסישע פּארטיזאנער, וואָס האָבן זיך אנגעהויבן באוועגן אַף אונדזער אָפּשניט. אריינגייענדיק באנאכט אין דאָרף זיך דערוויסן פארשידענע אינפאָרמאציעס פון ארום, האָבן מיר גע־טראָפן אויך אַ גרופּע רוסישע פּארטיזאנער. אָבער האָבנדיק די פּראקטיק פון פריערדיקע ערטער ווו מיר האָבן געטראָפן אוקראינער, וואָס מיר האָבן זיך געמוזט שטעלן מיט זיי אין קאַמף, האָבן מיר אויך מיט זיי אָנגעהויבן



מיטן קאמפס כאוועור כאַליף

קעמפן, ניט וויסנדיק ווער זיי זיינען און זיך צוריקגעצויגן אַן קאַרבאָנעס. דער מאָמענט פון דער טרעפונג איז געקומען שפּעטער, אין אונדז מער באקאנטערע ערטער ווו די פּויערים האָבן אונדז אינפאָרמירט, אַז עס זיינען געווען רוסישע פּארטיזאנער. באנאכט, ווען מיר זיינען געגאנגען אין דער פינצטערניש פון די רעגנדיקע פרילינג־נעכט, האָט אַ גרופּע וואָס האָט זיך ניט געשטעלט אין קאַמף אונדז פארהאַלטן. מיר האָבן צוגעשיקט כאוויי־רים צו זיי, זען ווער זיי זיינען. און ווי גרויס איז די פרייד בא אונדז געווען,

# פראַלקע קאַט

ווען דער כאַוועך האָט דערקענט אַמאַליקע רוסישע כאַווירים, וואָס זיינען געוועזן מיט אונדז צוזאַמען יענעם זומער און אונדז צוגעזאָגט דענסמאָל קומען צוריק נאָך אונדז. זיי זיינען געקומען מיט נאָך פיל נייע פּאַרטיזאַנער פון אָרגאַניזירטע אָטריאַדן, וואָס האָבן געהאַט די אויפגאַבע אַריבערגיין אין אונדזערע וועלדער צו פירן די ווייטערדיקע צוגרייטונג פאַר דער רויטער אַרמיי. אין זייערע וועלדער, האָבן זיי נאָר איבערגעלאָזן קליינע טיילן און אַלע ציען זיך צו אונדז אין געגנט.

פיל כאַווירים אַף וועמען מיר האָבן זיך געפרעגט פון זיי, זיינען פאַר דער צייט אומגעקומען אין קאַמף און פיל כאַווירים פון אונדז וואָס זיינען זיי געווען באַקאַנט און מיט זיי צוזאַמען געווען אַף פאַרשידענע אַרבעטן, זיינען אויך פאַר דער צייט געפאַלן בא אונדז. מיר נעמען זיי צו זיך ווי מען באַשטימט, עס זאָל ווערן דאָס אָרט פאַר אַלע וועלכע דאַרפן קומען, און זיי וועלן אויך בא אונדז ברענגען זייער קאַמבריג, (קאָמאַנדיר ברי־גאַדע) וועלכער וועט אונדז צוזאַמען אַנשליסן אין איין אָטריאַד.

עס האָט זיך דערנענטערט דער ענדגילטיקער טאָג פון דער טרעפונג, אַף וועלכע מיר האָבן אַזוי לאַנג געוואַרט. יעדן טאָג קומען צו אונדז נייע רוסישע כאַווירים פון זייער אָטריאַד, און אַלע וואַרטן מיר אַפן שטאַב מיטן קאָמבריג, וואָס דאַרף ענדגילטיק אַנשליסן אין סאָוועטישן פּאַרטיזאַנער פאַרבאַנד אָפיציעל לויט אַלע געזעצן פון דער פּאַרטיזאַנער אַרמיי. ביז דער שטאַב וועט קומען, זיצן בא אונדז אַלע רוסישע גרופּעס וואָס קומען אָן, מיר פילן זיך שוין יעצט שטאַרק. אַ סאַך פּולעמיאָטן, אַווטאָמאַטן, האָבן די רוסישע כאַווירים געבראַכט. ס'איז שוין אַלץ איינס בייטאָג אין וואַלד צי באַנאַכט. מען גייט ווען מען וויל און ווו מען דאַרף, אונטערן נאָז פון די דייטשן. דער וואַלד ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ פראָנט מיט אַלע וויכטיקסטע פאַרבינדונגען. מיר האָבן שוין ראַדיאָס, וואָס גיבן איבער דירעקט פון מאָסקווע פאַרשידענע אינפאָרמאַציעס און גיבן אינסטרוקציעס, אַף וועלכע אָפּשניטן מען דאַרף זיין אַקטיוו. מיר איילן זיך צונויפצוזאַמלען אַלע אונדזערע כאַווירים פון פאַרשידענע וועלדער ברענגענדיק זיי צו אונדז מיט דער יעדיע, אַנטגילטיק אויסגעהאַלטן ביז דעם מאָמענט פון אונדזער לאַנגן וואַרטן. צוריק געקומען די אַלטע באַקאַנטע כאַווירים אונדזערע, וואָס צוזאַמען וועלן מיר האָבן די מעגלעכקייט

צו מאַכן די נויטיקע צוגרייטונגען, צו באַפרייען אונדזער שטאָט און געגנט. אַלע אונדזערע גרופּעס זיינען פון ווינטער אַרויס שטאַרק צעקלאַפּט, פון די שווערע איבערמענטשלעכע באַדינגונגען. איין גרופּע האָט פאַרלאָרן 90 פּראָצענט, די אַנדערע 2 האָבן נאָר געליטן שווער צוליב לעבנס מיטלען און אויסגעמיטן מענטשלעכע קאָרבאָנעס. די כאַווערטעס פון ביאַליסטאָק האָבן פאַר דער צייט פון ווינטער ווען זיי האָבן געהאַט פאַרלאָרן מיט אונדז דעם קאָנטאַקט, געאַרבעט אַן אויפהער און ווען דער שניי איז צעגאַנגען, האָבן זיי געבראַכט צו אונדז עטלעכע כאַווירים, וועלכע האָבן געהאָלפן אַנטלויפן פון ביאַליסטאָקער טפיסע, און אויך אַזוינע וואָס האָבן זיך נאָך אַרומגעדרייט אין שטאָט אַף פאַרשידענע אויפאַנים. ס'איז געקומען בערל שאַצמאַן און אַנדערע. אַלץ קלייבן מיר אויף און אַלעמען, אונדזער גאַנצן מאַטעריאַל און קויעך, ביכדיי זיך צו שטעלן מיט דעם פאַרן שטאָב, וואָס דאַרף קומען צו אונדז.

## אונדזער אָפיציעלער אָנשלוס אין דער פּאַרטיזאַנער מישפּאָכע

מיר זיינען שוין אַלע זיך צונויפגעקומען אַף אָפּוואַרטן דעם שטאָב און זיך אַנטגילטיק אָנשליסן נאָך וואָס מיר האָבן אַזוי לאַנג געוואַרט. עס זיינען אַראָפּגעקומען פיל גוט באַוואָפנטע פּאַרטיזאַנער מיטן קאָמבריג וואָיטשעכאָווסקי. אַ הויכער, געזונטער און מיט אַ זייער אינטעלעגענטנעם אויסזען. פיל אָרדענעס פאַרן פירן דעם פּאַרטיזאַנער קאַמף. פאַר דער צייט פון קריג, מען האָט אים ספּעציעל געשיקט פון מאָסקווע מיט אַן עראָפּלאַן און אַראָפּגעוואָרפן מיט אַ פּאַראַשוט פאַר די אויפגאַבן אין די וועלדער. אויך פרויען מיט דייטשישע געווער וואָס זיי האָבן צוגענומען אין קאַמפן, וואָס זיינען פאַרגעקומען אַפן וועג צו אונדזערע וועלדער. אַ גרויס דערעד־ערעץ האָט אַרויסגערופן בא אונדז זיין אויסערלעכער אויסזען אין אַלגעמיין מער ווי פון אַלע, וואָס זיינען געקומען מיטן שטאָב. מיר זעצן זיך אַלע אויס און דערציילן אונדזער גאַנצן קאַמף ביז דער צייט פון אונדזער טרעפונג, אונדזער קאָנטאַקט מיט דער שטאָט וואָס וועט איצט אויסגענוצט ווערן

# פּראָלקע קאַט

פון שטאַב אַף מער וויכטיקערע אָפּשניטן. אַ גאַנצן טאָג זיצן מיר אַפּ און גיבן איבער דעם גאַנצן לויף פון די קאַמפן און באַדינגונגען אין די וועלדער. מיר גיבן אויך איבער אונדזערע פאַרבינדונגען מיט די איינצלנע פּויערים פון די אַרומיקע דערפער.

דער שטאַב אָנערקענט אונדזער גאַנצע אַרבעט, אויסגעהאַלטנקייט און אַקשאַנעס בא אַזוינע באַדינגונגען, מיט אַזוי ווינציק געווער. ער זאָגט גלייכצייטיק, אַז ער וועט אונדז פאַרעכענען די גאַנצע צייט פון זיין אַליין אַפּן זעלבן אויפן, ווי מיר וואָלטן פון פריער געהערט צו דער בריגאַדע. ער שטעלט אונדז די פראַגע צו באַשטימען, צי מיר ווילן בלייבן ווייטער אַלס אידישע גרופּע מיט זייערן אַ קאָמאַנדיר. אָבער מיר באַשליסן, אַז מיר ווילן ניט זיין שוין מער אַליין, נאָר מיר ווילן ווערן צעוואָרפן אין אַלע אָפּטיילונג פון דער בריגאַדע אין יעדער אָטריאַד אַ טייל. מיר באַשטימען צו ווערן צעשיקט צווישן אַלע אָטריאַדן און אין אַלע אויפגאַבעס וואָס ווערן אַרויפגעלייגט, נעמען אַ גלייכן אָנטייל. דער קאָמבריג נעמט אָן אונדזער באַשטימונג. מיר ווערן איצט צעטיילט צווישן דער גאַנצער בריגאַדע. אַ טייל גייען אַריין אין דעם אָפּטייל מאַטראָסאָוו אָפּן נאָמען פון „געראָי סאָוועטס־קאָווא סאָיוזאַ מאַטראָסאָוו". אַ קליינע טייל נעמט מען צו אַרבעטן אין שטאַב און די דריטע טייל ווו איך בין געווען, ווערט אויך פאַרטיילט אין צווייטן אָטריאַד וועלכער הייסט „26 יאָר אָקטיאַבער רעוואָלוציע". איין אָפּטייל בלייבט נאָך פון אַראָפּגעוואָרפענע פאַראַשוטיסטן אָפּן נאָמען פון זייער קאָמאַנדיר אַנדריייעוו, זיי הייסן אַנדרייעווצעס, און דער פערטער אָפּטייל, איז פון ווייסרוסן פון זעלבן געגנט. מיר געזעגענען זיך מיט די כאַווירים וואָס זיינען אַזוי לאַנג געווען מיט אונדז און איצט בלייבן זיי אויך צוזאַמען, נאָר יעדער אָפּטייל גייט אַוועק אין אַן אַנדער ריכטונג. מיר צעשפּרייטן זיך איבער דער גאַנצער לענג פון אַלע וועלדער, פון וואָלקאָ־וויסק ביז קנישין. אַף די אַלע ערטער ווערן מיר צעטיילט. מיר טרעפן זיך נאָ פון צייט צו צייט ווען מען גייט אַדורך אַ וואַלד, גייענדיק אַף גע־וויסע אַרבעטן און סאַבאָטאַזש אַקציעס. דאַן שמועסן מיר זיך אַדורך מיט די כאַוויירים וועלכע האָבן שוין צום דערציילן יעדער איינער, פון אַראָפּגע־לאָזטע באַנען, קאַמפן מיט דייטשן אַף די שאָסייען, פון באַנאַכטיקע אָנ־פאַלן אַף די אויטאָס ווו זיי פאָרן. מען ווייזט דאָקומענטן און בילדער וואָס

# כורבן ביאַליסטאָק

מען נעמט צו בא די טויטע דייטשן און אויך געווער. עס באווייזן זיך אויך געפאנגענע אוקראינער וואס מען כאפט אין קאמפן, ווייל די דייטשן לאזן זיך זעלטענער נעמען לעבעדיק.

דאס לעבן ווערט פון טאָג צו טאָג אינטערעסאנטער און אקטיווער. א קליינער טייל כאווירים זיינען געוואָרן שטארק אויסגעשעפט פון ווינטער און זיצן אין די דזשעליאנקעס ביזן קומען צו זיך.

מיין גרופע גייט אריבער אין אן אַנדער אָרט. איך מוז אויך א פּאָר טעג זיצן אַף איין אָרט, גאָרניט טאָן, צוליב אָפּגעשוואכקייט. איך קום אָבער גיך צו זיך און נעם איצט דערנאָך ווייטער דעם געהעריקן אָנטייל. ניטאָ קיין צייט צו קרענקען אין אזוינע אינטערעסאנטע טעג, וואס שטעלן זיך פאר אונדז. אין יעדן אָפּטייל גיבן מיר אָפּ א שווע, ווי ניי אָנגעקומענע לויט דעם מיליטערישן געזעץ. אַלץ ווערט איצט מיליטעריש. מיין קאָמאַנ־דיר פיליפּאָוו, אויך א פאראשוטיסט וואס איז אדורכגעגאנגען א פּאַרטיזאַ־נער־שולע, און איז לייטענאַנט, רופט זיך אָן צו מיר: געננג זיך אויסגערוט, ביסט שוין געזונט? מיר דארפן יעצט אוועקגיין אין קרינקער וואלד און דיר האט מען אויך באשטימט. איך פיל זיך נאָך שוואך, אָבער ס'איז מיר א כארפּע צו זאָגן, אז איך קען נאכניט און גיב צו: געזונט צי קראַנק, אַלץ איינס, מען מוז גיין. כ'האָב אזוי לאנג געוואַרט אַף דער צייט, ווען איך איצט ווערן קראַנק? איך בין אין קאס אַף זיך אַליין. מיר גייען פארנאכט ארויס אַף עטלעכע וואכן אין וועג, 8 מאן מיטן קאָ־מאנדיר פיליפּאָוו, א קראנקן שוועסטער, א רוסישע פרוי וואס איז געקומען מיטן קאָמאַנדיר צוזאמען. באוואָפנט מיט אווטאָמאטן, א פּולימיאָט און ביקסן. מיר גייען איבער וועלדער ווו מיר טרעפן אונדזערע גרופעס צע־שפּרייט און אין יעדן אָרט פאַרהאַלטן מיר זיך. מיר באקעגנען אויך, אָפן גאנצן וועג, דעם קאָמאַנדיר מיט אַלע אונדזערע באקאַנטע פּויערים, וואס פּלעגן אונדז געבן פאַרבינדונג און יעדיעס. אַף זיי ווערט איצט פון אונדזער קאָמאַנדיר אָרויפגעלייגט נייע אויפגאבן וועלכע זיי דארפן אויספירן. צוקו־מענדיק צום וואַלקאַוויסקער באַן־קנופּ, טרעפן מיר אונדזערע א גרופּע ווו מיר בלייבן א טאָג און מען באשטימט אראָפּלאָזן א באן דאפּקע באטאָג, ניט ווי שטענדיק באנאכט. דער קאָמאַנדיר פון יענער גרופּע, טוט זיך אָן מיט א מונדיר פון א דייטשישן באן באאַמטן, גייט אַרויס אַף די ליניעס,

# פּראָלקע קאַט

קלוימערשט קאָנטראָלירן. מיר ליגן אין וועלדל, גרייטן צו די אויפרייס מאַטעריאַלן און וואַרטן אַף אַן אַנגייענדיקן באַן. עס הערט זיך שוין דאָס רוישן פון די רעדער, דער אומגעדולד וואַקסט פון מינוט צו מינוט. באַלד וועלן זיי דערשפּירן די הינטישע זין, די דייטשן, דעם נייעם זומער וואָס קומט אַף זיי. אַ צייכן פון קאָמאַנדיר. מיר לויפן צו גיך אונטער־טראָגן די מאַטעריאַלן און ציען זיך גיך צוריק. אַפּלויפנדיק אַ דרייסיק מעטער פון אָרט, פאַלן מיר אַנידער פון גרויסן אויפרייס וואָס פאַרהילכט די גאַנצע לופט און געשרייען פון מענטשן. שפּעטער אויך עטלעכע שאָסן, פון דער זעלבער ריכטונג. מיר הויבן זיך אויף און לאָזן זיך ווייטער אין וואַלד. שפּעטער דערוויסן מיר זיך פון אַרומיקע פּויערים, אַז עס האָט זיך זייער גוט איינגעגעבן. עס זיינען געפאָרן פיל דייטשישע סאָלדאַטן גלייך צום פראָנט און זיי האָבן דאָ באַקומען באַצאָלט: אַ סך געהאַרגעטע און פאַרוווּנדעטע, אַריבער 30 הינט. די פּויערים זיינען צופרידן, און ווען מיר באַזוכן אַ דאָרף, פרעגן זיי קעסיידער, ווען וועט שוין קומען די רויטע אַרמיי, וועלכע איז אַזוי נאָענט. עס קומט זיי אויס, אַז עס געדויערט לאַנג און זיי האָבן ניט קיין געדולד.

מיר לאָזן זיך ווייטער אַף קרינקער וואַלד דורך וועגן און שטעגן פון בלאָטעס אַזוינע, וווּ קיין מענטשלעכע פוס איז נאָכניט געווען און גאָט אַליין אויך ניט. בלאָטעס איבער דער קני, עס דאַכט זיך, אַז מען קען גאָר קיינמאָל ניט אַרויסקריכן. עס פירט אונדז אַ וויסרוס, וועלכן מיר האָבן געטראָפן אין וואַלד אַנטלויפנדיק פון דייטשלאַנד, וווּ ער איז געווען פאַר־שיקט אַף אַרבעט. באַ זיך אין דערהיים, אין מיכאַלאָווע, האָט ער באַהאַלטן פאַרן קריג אַ ביקס, איצט האָט ער אים אויסגעגראָבן. לעבן זיין דאָרף באַנאַכט לייגן מיר זיך אויס און היטן דעם אָרום. ער גייט אַריין מיט צוויי מאַן צו זיין מישפּאָכע אויסגראָבן דאָס געווער. די נאַכט איז אַן אויסגע־שטערנטע און ליכטיקע, מיר וואַרטן אַף אים. פּלוצלונג זעען מיר פון דערווייטנס, ווי עס רוקט זיך אַ גרופּע מענטשן אין אונדזער ריכטונג. מיר לאָזן זיי צו נענטער צו זיך און שרייען אויס: סטאָי! קטאָ אידיאָט? (ווער גייט) רוסקי, שרייען זיי און הויבן אָן גיין. דער ענטפער טויג ניט, ווייל ענטפערן דאַרפן זיי, פּאַרטיזאַני! און בלייבן שטיין. מיר שרייען זיי זאָלן שטיין בלייבן, אויב ניט שיסן מיר. זיי בלייבן שטיין. מיר הייסן, אַז איין

מענטש פון זיי און איינער פון אונדז זאָלן צוגיין אינמיטן וועג, זיך זען. פון אונדז און פון זיי גייען אַרויס די כאַווירים, אָבער ווען זיי קומען צו, זעען מיר, ווי זיי נעמען זיך אַרום און דריקן זיך די הענט. פאַרשטייען מיר, אַז דאָס זיינען פאַרטיזאַנער און גייען אַלע צו. מיר דערוויסן זיך, אַז דאָס איז אַ גרופּע פון רוסישע געפאַנגענע וואָס זיינען אַנטלאָפן פון דייטשלאַנד, זיך אויפהאַלטנדיק די גאַנצע צייט אַרום וואַרשע, פון צווייטן זייט בוג, נאָר זיי האָבן צוליב די פּוילישע פאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן זיי פאַרפאָלגט געמוזט פאַרלאָזן יענע געגנט, און זיך לאָזן מער צו מיזרעך. די לעצטע שלאַכט וואָס זיי האָבן געהאַט מיט די פּאָליאַקן, האָט זיי געצוווּנגען צו פאַרלאָזן יענע וועלדער. די פאַלשקייט פון די פּוילישע פאַרטיזאַנער, איז דערגאַנגען אזוי ווייט, אַז זיי האָבן געשלאָסן אַן אָפּמאַך פון ניט קעמפן איינע מיט די אַנדערע און מען האָט זיי אַפילע איינגעלאַדן אין לאַגער אַף שמועסן וועגן געמיינזאַם פירן דעם קאַמף. אָבער, די פּאָליאַקן האָבן אויס־גענוצט דעם קומען אין לאַגער פון די סאָוועטישע פאַרטיזאַנער און אויס־געפּאָרשט דעם קויעך פון דער גרופּע. צום דריטן מאָל ווען זיי זיינען געקומען, און מען האָט זיי שוין ניט געהיט, נאָר זיך געלאָזן פריי באַוועגן, זיינען זיי געקומען, זיך אויסגעזעצט צו צוויי פּאָליאַקן לעבן יעדן רוס און איך סטראַטעגיש. זיך אַף גאָרניט ריכטנדיק, זיצנדיק און שמועסנדיק ווי די פאָריקע פּאָר מאָל, איז פּלוצלונג געקומען אַ צייכן פון פּוילישן קאָמאַנ־דיר און יעדער פּאָליאַק האָט אויסגעשאָסן צו יעדן רוסישן פאַרטיזאַנער וואָס איז געזעסן לעבן אים. דער קאַמף איז געווען אַ שרעקלעכער. דער פּלוצלונדיקער אָנפאַל האָט געבראַכט די רוסן צו גרויסע פאַרלוסטן. מער ווי אַ העלפט זיינען אומגעקומען פון זיי, די רעשטלעך זיינען זיך צונויפגע־קומען און באַשלאָסן, זיך לאָזן ווייטער אַף מיזרעך.

זיי האָבן זיך צעטיילט אין צוויי גרופּעס,ביידע אין דער זעלבער ריכטונג. אָבער נאָר איינע איז אָנגעקומען צו אונדז. די צווייטע, ווייסט מען ניט ווּ זי איז אַהינגעקומען. מיר דערוויסן זיך אויך, אַז מיט זיי איז געקומען אַ איד, וואָס איז געבליבן לעבן נאָך דעם קאַמף מיט די פּאָליאַקן. פון 20 אידן איז ער געבליבן איינער, מיר זוכן אים אויף. מיר דערוויסן זיך פון אים, אַז ער איז אַנטלאָפן נאָך די קאַמפן פון וואַרשעווער געטאָ מיט יענע אידן וואָס זיינען אומגעקומען אין דעם קאַמף, ער איינער איז גע־

בליבן. ער איז אַ יונגער, 17 יאָר אַלט און רעדט שוואַך אידיש. ער איז איבעראַשט פון דער טרעפונג מיט דער רויטער אַרמיי און גלייכצייטיק מיט אונדז.

ווי אַזוי די פּאָליאַקן האָבן געקעמפט פאַר דער באַפרייונג פון פּוילן, האָט אונדז אַמבעסטן באַוויזן דער פאַקט וואָס זיי האָבן איבערגעגעבן. באַטאָג פלעגן די פּאָליאַקן וואוינען אין די דערפער אַלס פרייע בירגער און באַנאַכט פלעגן זיי אַרויסגיין מיט געווער איבער די וועלדער זוכן צו מאָרדן רוסן און אידן. אַזוי האָט אויסגעזען זייער קאַמף, וועלכער האָט מער מיטגעהאָלפן די דייטשן ווי געשטערט. מיר נעמען צו די גרופּע צו זיך און באַשליסן זיך אומקערן פון וועג, ווייל מיר האָבן געטראָפן אין די קרינ־קער וועלדער אַ גרופּע ביאַלאָוויעזשער פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן אונדז געמאָלדן, אַז די וועלדער געהערן צו זיי און מיר טאָרן זיך דאָרטן ניט פאַר־האַלטן לאַנג. זיי האָבן אויך געוואָלט צונעמען די רוסישע גרופּע, ווייל אין זייערע וועלדער האָבן מיר זיי געטראָפן, געהערן זיי צו זיי. מען איז אָבער דורכגעקומען: וווּ זיי ווילן זאָלן זיי געהערן און ווייסנדיק, אַז זיי דאַרפן גיין מער אויף מיזרעך, ביכדיי זיך געפינען זיכערער האָבן מיר געזאָגט, אַז מיר גייען אין אונדזערע וועלדער וועלכע זיינען מער אויף מיזרעך, דאָס האָט אַזוי געווירקט, אַז 90 פּראָצענט זיינען אַוועק מיט אונדז נאָר עטלעכע, וועלכע האָבן געפונען אַ פּאָר באַקאַנטע צווישן יענער גרופּע פּאַרטיזאַנער, זיינען געבליבן מיט זיי. מיר האָבן זיך אומגעקערט צוריק, שוין מיט נאָך 20 כאַווירים באַוואָפנט מיט נאָך פּולעמיאָטן און ביקסן. באַנאַכט, דורכגייענ־דיק דעם זעלבן אָרט דורך וואַנען עס איז אַראָפּגעלאָזן געוואָרן דער באַן, האָבן מיר געהערט ווי מען אַרבעט, ביכדיי צוריק אויפשטעלן די שינעס. עס איז דערנאָך אויסגעקומען, אַז אַ גרויסע גרופּע זאָל אַריינגיין באַטאָג אין אַ דאָרף נאָך עסן, צונעמענדיק די מילך וועלכע דער דאָרף האָט אָנגעגרייט פאַר די דייטשן. עס האָט געמאַכט אַזאַ איינדרוק אויפן דאָרף, אַז די קינדער זיינען אַריינגעלאָפן אין די שטיבער מיט פרייד, שרייענדיק: ס׳איז געקומען די רויטע אַרמיי!

קומענדיק אין אונדזערע וועלדער דערוויסן מיר זיך, אַז פאַר דער צייט זיינען פאָרגעקומען גרויסע אַבלאַוועס פון דייטשן מיט אוקראַינער אויף אונדזערע לאַגערן. אויפן אָפּגערעדטן פּונקט טרעפן מיר אונדזער סטאַר־

שינאַ, וועלכער פירט אונדז אַוועק. מיר דערוויסן זיך פון נייעם אָרט ווו מיר דאַרפן אַלע אַריבערגיין צוריק אין די קנישינער וועלדער. דאָ בלייבט נאָר דער אָטריאַד מאַטראָסאָוו. מיר רוען זיך אָפּ עטלעכע טעג און קלייבן זיך ווייטער אין וועג. פאַר דער צייט איז אומגעקומען פון די אָבלאַוועס אונדזערער אַ כאַווער, לעוו, פאַרנדיק פון איין וואַלד אין אַנדערן מיט אַ גרופּע רוסישע דעסיאַטניקעס צו אונדז. אַנטרעפנדיק אַף אַ גרופּע אוקראַי־נער וואָס זיינען געזעסן אין וואַלד, איבערגעטאָן אַלס פּאַרטיזאַנער אויך עטלעכע דעסיאַטניקעס זיינען דאָן געפאַלן. די גרופּע וואָס קומט אונדז נעמען אין די קנישינער וועלדער, האָבן גייענדיק צוריק באַשאָסן אַן אויטאָ מיט דייטשן און געבראַכט צו אונדז אַ לעבעדיקן געפאַנגענעם, אַ רוס איבערגעטאָן אין דייטשישע זאַכן און איז נעבעך גאָרניט שולדיק. אַליין פון וואָראָניעזש און קעמפט די גאַנצע צייט אַף דער זייט פון די דייטשן. זיין פאַרדינסט קריגט ער בא אונדז. דער אָטריאַד מאַטראָסאָוו בלייבט אין די וועלדער. די דייטשישע אַרמייען ציען זיך שוין טיילווייז צוריק און מיר גייען אויפרייסן בריקן און פון וואַלד באַשיסן מיר דער אַרמיי, וועלכע גייט פאַרביי, ציענדיק זיך צוריק אַף די שאָסייען וואָס ציען זיך דורך די וועלדער.

## אין די קנישינער וועלדער

איין גרופּע פון אונדזער אָטריאַד מיטן שטאַב איז שוין פריער אַוועק אין די קנישינער וועלדער. איך גיי מיט דער צווייטער גרופּע, די לעצטע. דעם וועג מאַכן מיר דורך אין איין נאַכט, פאַרטאָג קומען מיר אָן אין די קנישינער וועלדער, ווו מיר טרעפן אונדזער גרופּע, וועלכע האָט פאַר דער צייט אָרגאַניזירט אַלע אידן וועלכע זיי האָבן דאָרטן געפונען. אויך עטלעכע אידישע פרויען זיינען פאַראַן צווישן זיי. גאַנצע צוויי יאָר זיינען די אידן אין יענע וועלדער געלעגן אַף די שווערסטע באַדינגונגען אויסהאַלטנדיק פון 1942 יאָר, ווען עס זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן אַלע אַרומיקע שטעטלעך. זיי זיינען געלעגן אָן געווער, קויפנדיק עסן בא פּויערים אַרום. פיל פון זיי זיינען אומגעקומען פאַר דער צייט, אָבער דאָך האָט אַ גאַנץ גרויסער טייל פון זיי אויסגעהאַלטן און דערלעבט די אויסגעבענקטע שאָ.

## פּראָלקע קאַט

מיר אָרגאַניזירן זיי אַלעמען און נעמען זיי צו אונדז, שאַפנדיק פאַר זיי געווער וויפל ס'איז מעגלעך. מיר נעמען זיי, זיי זאָלן אונדז פירן אַף די וועגן, וועלכע איז זיי ביטער באַקאַנט און ציען זיי אריין וואָס מער אין אַקטיוויטעט. דאָ מוזן מיר זיך שוין צונויפטרעפן אויג אַף אויג מיט די פּוילישע פּאַרטיזאַנער, וועלכע זיינען אין די וועלדער פיל אין צאָל און די פּוילישע דערפער פון אַרום זיינען זייערע פאַרבינדעטע. אַריינגייענדיק אין אַ דאָרף זיך צו דערוויסן אינפאָרמאַציעס פון נייעם אָרט ווו מיר געפינען זיך, עפנט מען אַף אונדז אַ שיסעריי און עס ווערט פאַרווונדעט אונדזערער אַ כאַווער, אַ רוס, אין האַנט. מיר זוכן גוט אַדורך דעם דאָרף און טרעפן זיך אָן אַף פּוילישע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן ווי שטענדיק געשאָסן אַף אונדז. מיר שטעלן מיט זיי איין אַ קאָנטאַקט פאַר צוזאַמענאַרבעט.

מיר ווייסן, אַז זיי האָבן געקעמפט די גאַנצע צייט קעגן אונדז און אַפילע איצט געשאָסן אונדזערן אַ רוסישן כאַווער. אָבער דער געגנט פון אַרום, איז פול מיט זייערע דערפער, ווו זיי האָבן פיל פאַרטרויונגס מענטשן. מען מוז זיך מיט זיי פאַרייניקן און די פאַרייניקונג קומט. זיי האָבן נאָך אַפילע געשטעלט אַ באַדינג, אַז זיי ווילן ניט גיין צוזאַמען מיט אידן. אָבער די רוסן וואַרפן דאָס אָפּ. עס בלייבט דערוויל, אַז ווו מען גייט אַוועק קעמפן, וועלן זיי גיין נאָר מיט רוסן, אָן אידן. מיר מיט אַ טייל רוסישע פּאַרטיזאַנער בלייבן אין קנישינער וואַלד. דער שטאַב מיט אַ גרויסע טייל פּאָליאַקן גייען פאַרויס אין די שילינגוווקער בלאָטעס, אַרום אָסאָוויעץ, וווייטער פירן דעם קאַמף. אַ קורצע צייט זיינען מיר צוזאַמען מיט די פּאָליאַקן, אָבער מיר פילן זיך זייער שלעכט צווישן זיי, ווייל זיי ווייזן אַף טריט און שריט אַרויס זייער אַנטיסעמיטיזם, און מיר גייען אַוועק אין אַ צווייטן טייל פון וואַלד. זייער גאַנצע האַלטונג אין וואַלד איז אַ פּראָוואָקאַטאָרישע.

## די לעצטע וואָכן און דער טאָג פון דער באַפרייאונג

מיר האָבן באַקומען אַ נייעם ראַדיאָ טראַנסמיסאָר צו איבערגעבן און אָפּנעמען אינפאָרמאַציעס פון מאָסקווע, אונדזער גרופּע מיטן קאָמאַנדיר פּיליפּאָוו און די צוגעקומענע אידן פון קנישינער וואַלד, זיינען געבליבן

# חורבן ביאַליסטאָק

נאָכן אָוועקגיין פון שטאַב אין די קנישינער וועלדער ווייטער פירן אונדזער אַרבעט.

דער פראָנט איז שוין לעבן ביאַליסטאָק. די קאַמפן גייען אָן פאַר דער באַפרייונג פון אונדזער שטאָט. יעדן אָוונט און טאָג, קומען פאַר גרויסע באָמבאַרדירונגען אַף ביאַליסטאָק. מיר זען סאָוועטישע אַעראָפּלאַנען קומען, לאָזן אַראָפּ ראַקעטן וואָס באַלייכטן דעם גאַנצן וואַלד ווי באַטאָג און גיבן אונדז אויך אַ מעגלעכקייט אין דער ליכט צו גיין, ווי באַטאָג. די דייטשן גראָבן זיך אַרום מיט שווערע אַרטילעריע אַרום אונדזערע פּלעצער, זייערע קעסיידערדיקע קאַנאָנען שיסונגען פאַרהילכן דעם וואַלד און טרייסלען אויף די ערד, ווי אַלץ וואָלט זיך געוויגט. פויערים פון אַרום פירן אַלץ אַרויס פון די דערפער, די פערד, די קי, שעפּסן און בעסערע זאַכן, ווייל אָפּטרעטנדיק נעמען די דייטשן אַלץ צו, ראַבירן וואָס עס לאָזט זיך און צינדן אונטער די דערפער און שטעט. דער הימל איז קעסיידער רויט פון די אונטערצינדונגען. מיר מוזן אויסגראָבן גריבער פאַר זיך, צו ליגן צייטנווייז בעיים די אָפטע באַשיסונגען אַף די שאָסייען פון דעם רויטן לופטפלאָט, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ אָן אויפהער זייער נידעריק צו באַשיסן דער אָפּטרעטנדער דייטשישער אַרמיי און טרעפן אָפטמאָל אויך אין וואַלד.

מיר גייען יעדן טאָג אַרויס אַף די ברעגעס פון וואַלד, אָפּצוּוואַרטן דער צוריקטרעטנדער דייטשישער אַרמיי ביכדיי דערלאַנגען זיי און אַ ביסל זיך אָפּפרישן די לעצטע וואָכן מיט עטלעכע דייטשן, ווייל די באַפרייונג איז נאָענט און אַזעלכע געלעגנהייטן וועלן נאָך דער באַפרייונג שוין ניט זיין. אַרויסגייענדיק ווי שטענדיק צום דאָרף קאָפּיסק, באַם ראַנד פון וואַלד, באַמערקן מיר פון דערווייטנס ווי עס פאָרט זיך אַ פור פול אָנגעלייגט מיט זעק. מיר פאַרהאַלטן זיך און וואַרטן אָפּ. ניט לאַנג וואַרטנדיק, זעען מיר ווי גלייך מיט דער פור שפּאַצירן זיך 5 יונגע דייטשן, די אַרבל פאַרקאַטשעט ווי שטענדיק באַ אַ שטיקל רויב־אַרבעט, גייען זיי זיך לאַנגזאַם ווי זיי וואָלטן גאָרניט געדאַרפט אַוועקגיין פון דאַנען. זיי שפּאַנען מיט זייער באַנדיטישער רויִקייט. מיר לאָזן דורך דער פור און ווען זיי גייען אָן, שפּרינגען מיר אַרויס פון וואַלד אָנשטעלנדיק אַף זיי די געווער. די הענט אין דער הויך, זאָגן מיר צו זיי אַף דייטש, נעמען צו באַ זיי די געווער און הויבן זיי אָן פירן צו אונדז אין וואַלד. איינער פּרוּווט אַנט־

לויפן ווערט ער געשאָסן. אַ כאַווער ציט באַלד אַראָפּ די גוטע שטיוול. אַף אונדזער שאָס, האָט זיך געהערט באַלד אַז ענטפער פון די אַרומיקע דייטשן וואָס זיינען געשטאַנען נאָענט, זיי צוהילף. ס'איז געווען אַ פּאָר הונדערט מעטער צום וואַלד. אויסרעכענענדיק, אַז מען קען זיי שוין דאָרט ניט דער־פירן ווייל זייער קאַוואַלעריע האָט זיך אַ לאָז געטאָן אַף אונדז, שיסן מיר זיי אויס און ציען זיך צוריק אין וואַלד אַריין זיך איבערשיסנדיק מיט די קאַ־וואַלעריע זייערע, וועלכע האָט אונדז נאָכגעיאָגט ביזן וואַלד. ניט געווען באַשערט קיין גוטן מיטאָג.

זייער נעקאָמע פאַר דעם איז געווען, אונטערצינדן אַ שטוב פון דאָרף, שיסנדיק אַ פייער וואָס האָט געזען ווי מיר האָבן זיי געכאַפּט און זיך גע־פרייט פּאַטשנדיק מיט די הענט. מיר גייען ווייטער יעדן טאָג און ווי שטענדיק זיך אַרומגעלייגט אַרום אַ שאָסיי וואָס האָט זיך געצויגן דורך דעם וואַלד. גאַנץ נאָענט פון ראַנד פאַרט די אַרמיי מיט געשרייען און גע־רודער טאָג און נאַכט. מיר עפענען אַ שיסעריי אַף זיי, וועלכע צעטומלט דעם נאָרמאַלן פאָרן זייערן און עס פאַרוואַנדלט זיך אין אַ געלויף פון די דייטשן איינע אַף די אַנדערע, ווער אין וואָס פאַרא ריכטונג עס קען נאָר, אַנווערנדיק פאַרשידענע זאַכן זייערע. לאַנג ליגן טאָרן מיר ניט. נאָך אַ קורצע שיסעריי פון אונדז, ציען מיר זיך טיפער אַריין אין וואַלד און כאַפּן אַ 20 זעלנער אין דייטשישע מונדירן מיט געווער. שפּעטער ווייזט זיך אַרויס, נאָכן ברענגען זיי צו אונדז אין לאַגער, אַז דאָס זיינען רוסישע בירגער פון וולאַסאָווס אַרמיי, וועלכע קעמפן קעגן סאָוועטנפאַרבאַנד, עטלעכע אוקראַינער, קאַזאַכן, אוזבעקן און אַנדערע. יעדער איינער טיינעט, אַז ער איז אַליין געקומען זיך איבערגעבן, אַנטלויפנדיק פון די דייטשן און זיי זיינען ניט געפאָרן מיט דער אַרמיי, וואָס מיר האָבן איצט געשאָסן אַף זיי. מיר באַזעצן זיי באַזונדער און באַשליסן זיי האַלטן. און אָפּגעבן דער רויטער אַרמיי וועלכע דאַרפן שוין די נאָענסטע טעג קומען. יעדן טאָג גייט אַז אַנדער כאַווער זיי היטן וועלכער זעט צו ווי פון טאָג צו טאָג וואַרפן זיי אַראָפּ די זאַכן זיך אַנטוענדיק וואָס מער ציוויל צום פאַרמעקן זייער פאַרגאַנגענהייט.

ביאַליסטאָק איז שוין באַפרייט, פאַרנומען פון דער רויטער אַרמיי. די לעצטע דריי טעג, דערוויסן מיר זיך, האָבן די דייטשן, איידער זיי זיינען

# חורבן ביאַליסטאָק

אָפּגעטראָטן אונטערגעצונדן אַלע הייזער און פֿאַבריקן פֿון שטאָט. דער פראָנט פֿאַרנעמט זיך איצט אין דער ריכטונג פֿון קנישין, שוין 5 קילאָ־מעטער פֿון אונדז. אַף אַלע וועגן און שטעגן ציט זיך די דייטשישע אַרמיי צוריק, קעמפֿנדיק פֿאַר יעדער מעטער ערד. די לעצטע טעג שטעלן מיר אַרויס מער פּאָסטנס. מיר טאָרן שוין גאָרניט קאָכן, קיין שום פֿייער זאָל ניט זיין. קעסיידערדיקע שיסונגען, אויפֿרייסן הערן זיך אָן אויפֿהער. מיר זיצן און הערן יעדע שאָ פֿון ראַדיאָ וועגן פּונקטן, וואָס ווערן פֿאַרנומען אַרום אונדז, אַזוינע וואָס מיר קענען שוין און ניט איינמאָל געווען דאָרטן. ווי אומבאַשרייבלעך עס קלינגט פֿאַר אונדז איצט דאָס וואָרט פֿרייהייט.

מיר קוקן זיך אָן איינער דעם אַנדערן פֿרעגנדיק זיך, צי דאָס איז מעגלעך, מיר זיינען פֿריי? קיינער גלייבט דאָס גאָרניט. פֿאַר אונדז הייסט דאָך דאָס א י ב ע ר ג ע ל ע ב ט אַזאַ געפֿיל, וואָס קיין אַנדער קעמפֿער פֿון דער קריג, אויסער אַ אידישן, האָט עס ניט איבערגעלעבט. די לעצטע טעג איז אומעגלעך אַרויסגיין פֿון וואַלד. איין טאָג איז עפּעס שטילער ווי שטענדיק. מיר זיצן זיך אין באַזונדערע גרופּעס און שמועסן וועגן כאַוויירים פֿון אַנדערע גרופּעס וואָס זיינען שוין עפּשער איצט אין ביאַליסטאָק. יעדער איינער קלערט וועגן דער היים צו וועלכער מען וועט זיך גיך אומקערן. אָן דעם הערן מיר עפּעס אַ גערויש נאָענט פֿון אונדז. איינער אַכאַווער לויפֿט צו זען און קומט באַלד צולויפֿן מיט אַ געשריי: רוסישע אויסשפּירער זיינען געקומען צו אונדז!!! דער געשריי צעטומלט אונדז אַלעמען בעיים־מייסע. עס איז געקומען אַזוי פּלוצלונג! ביפֿראַט ווען מ'זיצט אַ יאָר רעדנדיק שטיל, זיך היטנדיק אַרויסצורעדן אַ וואָרט אָדער אַ שטאַרקערן קערן הוסט אַפֿילע צו געבן. בליץ שנעל הויבן מיר זיך אַלע אויף און לויפֿן צו זען, יאָ! עס זיצט דער קאָמאַנדיר אַרום די אויסשפּירער, צוויי רויטע־אַרמייער יונגע צו 18 ־ 20 יאָר מיט אַוטאָמאַטן אין די הענט און גראַנאַטן אַרום. די פּנימער אויסגעמוטשעטע קענטיק. דאָר קוים וואָס עס האַלט זיך דער פּאַס מיט אָנגעשטעקטע גראַנאַטן אַף זיי. דער גאַנצער אַרום באַקומט באַלד אַן אַנדער אויסזען. זיי דערציילן, אַז זיי גייען שוין ווי אויסשפּירער פֿון מינסק, יאָגנדיק דעם דייטש אָן אויפֿהער. מיר גיבן זיי עסן און זיצן לאַנג שמועסנדיק וועגן פֿאַרשידענע קאַמפֿן, וואָס זיי האָבן געהאַט.

# פראָלקע קאָט

זייער אויפגאַבע איז איצט אויספאָרשן דעם קויעד פון די דייטשן ארום קנישין. מיר גיבן זיי גלייך אונדזערן אַ כאַווער פון קנישין, וועלכער גייט מיט זיי אַוועק ווייזן אַ בעסערע און נענטערע וועג. נאָך אַ פּאָר טעג, קומט שוין אָן די רעגולערע אַרמיי, וועלכע מיר דערוואַרטן זיי מיט גרויס פרייד און אומגלויבן. די נאַכט און טאָג שלאָפט שוין קיינער ניט. יעדער איינער באַ זיך שטעלט זיך די פראַגע: דערגאַנגען דעם ציל און וואָס ווייטער? אַזוי לאַנג געוואַרט אַף דעם טאָג. אַזוי פיל אידן זיינען אומגעקומען, בלויז מיר האָבן עס דערגרייכט ווי אַן אויסערגעוויינלעכער טאָג. יעדער רוס וואָס איז מיט אונדז רעדט, ווי ער וועט קומען אין דער היים צו די עלטערן, ווייב און קינד. זיי דערציילן אַלץ וואָס זיי האָבן מיטגעמאַכט, אָבער וועמען וועלן מיר דערציילן? און מיט וועמען וועלן מיר זיך טיילן. ווו גיין איצט? צו וועמען קומען? צי קען מען זיך בעעמעס פרייען מיטן איבערלעבן? קומען מיר שוין איצט אַרויס אַף דער פריי? אַרויסגייענדיק פון וואַלד צום נאָענטסטן דאָרף, זעען מיר ליגנדיק די גרויסע „מאַכטהאָבער" „די זיגער פון דער וועלט" אין די ראָווען ווי אַן אָביעקט פאַר הינט, אינזעקטן און עקלדיקע שפּייען פון דורכגייער.

די רויט אַרמייער זיינען אַנדערש ווי איך קען זיי פון 1940. מיט אַנדערע מונדירן, שליפעס אַף די אַקסלען, אָפן ברוסט מעדאַלן פאַר העלדישקייטן אין צייט פון קריג. אָבער די זעלבע גוטמוטיקע אין באַציונג ווי פריער, פיר יאָר ניט געזען און געבענקט. יעצט פאָרן אָבאָזן פול מיט רויט אַרמייער און באַזעצן אַלע דערפער אַרום. מיר גיבן איבער אונדזערע געפאַנגענע וולאַסאָווצעס דעם שטאַב מיטן צושריפט: געכאַפּט אין קאַמף קעגן אונדז און מיר לאָזן זיך אַלס גאַנצע אין וועג, ווייטער אונטערן פראָנט, שוין איצט צום פונקט פון פאַרטיזאַנער שטאַב אַרויסנעמען דאָקומענטן. אַלע שאָסייען און וועגן זיינען פול מיט רויט אַרמייער, וועלכע ציען זיך צום פראָנט. מיר גייען צוריק, ווער אין ציווילע קליידער און אַנדערע האַלב מיליטעריש, יעדער איינער אַנדערש. די דורכפאָרנדיקע אַרמיי שרייט: פּאַרטיזאַני נאַשי! (אונדזערע). מיר קוואַרטירן זיך איין באַ יעדן פויער צו איין פערזאָן צו עסן און שלאָפן. מיר הויבן זיך אָן צו דערוויסן אַלץ מער וועגן דעם גרויסן כורבן פון די אידן. דאָס דערציילן אונדז די פויערים דערקענענדיק, אַז איך בין אַ איד. ס'ווערט וואָס אַמאָל

# כורבן ביאַליסטאָק

שווערער דאָס צום הערן. עס רופט אַרויס פּאַרוווּנדערונג בײַ דער פויער־שער באַפעלקערונג ווען מיר זאָגן, אַז מיר זיינען אידן. זיי קוקן אונדז אָן מאָדנע: ווי קומט עפּעס אַ איד פון אונדזער געגנט לעבן?

## אַפן אייגענעם קיוווער

(ביאַליסטאָק אין אויגוסט 1944)

נאָכן דערליידיקן אַלע פאָרמאַליטעטן און אָפּגעבן דאָס געווען, קער איך זיך אום זען ביאַליסטאָק. איך גיי מיט אַ געפיל פון „פרייד" צו זען די געבורט־שטאָט און גלייכצייטיק מיט אַ געפערלעכן ווייטאָג און פראַגע בײַ זיך: וואָס וועל איך געפינען דאָרטן? איך ווייס, אַז גאָרניט לויטן גע־דאַנק, אָבער אַן אינערלעכער געפיל וואָס רופט: עפּשער יאָ? אימיצן! איך גיי צופוס 10 קילאָמעטער. אַפן וועג שטייען פויערים און שניידן די טווּע פון די פעלדער, די קאָסע שניידט ווי עס וואָלט גאָרניט געשען. די דערפער אַרום וועג, זיינען טיילווייז צעשטערט און אַנדערע גאַנץ, די קרינגלעך אַף די פלויטן. די פויערים פאַר די שטיבער, זיך פאַרענדיקט זייערע טאָג־טעגלעכע אַרבעטן. איך שפּאַן פאַרויס מיט איין אָטעם און איין געדאַנק עגבערט מיר: ביאַליסטאָק! ווי זעט זי אויס? און ווער איז געבליבן? קו־מענדיק אין די פאַרשטעט פון שטאָט, זע איך שוין דעם אָנהויב פון כורבן: קוימענס אַן שטיבער, אַלע בריקן אויפגעריסן, דער וואָקזאַל פאַרברענט, פון גאַנצע גאַסן, שטייען נאָר סקעלעטן פון אַ סאַך מויערן און אַנדערע גאַ־סן אינגאַנצן אָפּגעמעקט. דערקענסט אַפילע ניט, צי איז דאָ עפּעס אַמאָל גע־ווען, צי ס'האָבן געוואוינט מענטשן וועלכע איך האָב אַזוי גוט געקענט, מיט אַנדערע פאַרבראַכט, פון וועלכע עס בלייבן אַפילע דערינערונגען און גוטע געדאַנקען אַף אייביק. אַרומגעצאַמט שטייען דייטשישע געפאַנגענע. איך גיי צו און מיט עקל קוק איך אַף זיי, פרעגנדיק דעם רויט אַרמייער וואָס היט זיי: זיי לעבן נאָך? ענטפערט ער מיר מיט אַ שמייכל: ניטשעוואָ פאַדאָכניעט (ס'איז גאָרניט זיי וועלן פּייגערן).

איך לאָז זיך ווייטער אַף מיין גאָס, זען דאָס הויז ווו איך האָב גע־וואוינט און געלאָזן מיט אַ יאָר צוריק אַ ברודער און שוועסטערל! איך גיי אין דער ריכטונג ווו עס איז געווען דער געטאָ. דער ערשטער בליק פאַלט

# פראָלקע קאַט

אַפּן ברוק ווו איך געדענק ס'איז געווען דער פּלויט. 20 מעטער פון פּלויט איז באַוואַקסן די ערד מיט גראָז, קוים וואָס מען זעט די שטיינער. מענטשן זיינען דאָ ניט געגאַנגען און גראָז איז שוין אָנגעוואַקסן. ווו שטיינער זיינען פריער געווען אויסגעריסן פון אַזויפיל מענטשלעכע טריט, איז איצט גראָז באַוואַקסן און די שטיינער האַלב פאַרשטעלט, שרייען אַרויס: וועסט אונדז גראָז ניט פאַרדעקן! מענטשן דאַרפן דאָ גיין! אידן זיינען דאָ געגאַנגען און



אויסגראָבונג פון די דערמאָרדעטע העלדן

געבויט זייער לעבן פון דורעס. מיר מוזן אונדזערס דערציילן! אַלע גאַסן זיינען ליידיק, ניטאָ קיין מענטשן. אַלע שטיבער צעבראָכן. דאָ פעלן ווענט. אַט שטייט אַ הויז מיט איין וואַנט, אַנדערע אָן פענסטער און טירן. אידישע ספאָרים און ביכער וואַלגערן זיך אין אַלע זייטן ווו דו טוסט נאָר אַ וואָרף

# חורבן ביאַליסטאָק

מיטן אויג און אַ דריי דעם קאָפּ; צעבראָכענע מעבל, שטולן אָן פיס, שאַ־
פעס אָן טירן, צעבראָכענע בעטן, וואָס קיינעם לוינט שוין ניט צום נעמען.
פעדערן פון פּערענעס צונויפגעמישט מיט בילדער פון מענטשן וואָס האָבן
דאָ געלעבט, פון אידן מיט באָרד און פּייעס, אידן אָן היטלען, פרויען מיט
שייטלען און פרויען מיט די מאָדערנסטע פריזורן. אַ בילד פון אַ קינד וואָס



די גרוב ווו מען האָט איצט איבערגעטראָגן
רעשטעלך פון די העלדן פון געטאָ

לאַכט און אַ בילד פון אַ מאַמען וואָס האַלט דאָס קינד און פרייט זיך. אַ
אינגעלע אַף אַ פערד און אַ באָבערל אין אַ קליינעם טאַלעס מיט טפילן צו
באַר־מיצווע. דוירעס לעבן און שאַפונג קען מען מיט איינמאָל ניט אָפּמעקן

## פראלקע קאט

פון דער ערד. די ערד אליין נעמט דאס ניט אויף, עס פעלט איר מוט און זי לאזט דאס אלץ ליגן פון אויבן און מאנט און שרייט: וואס האט מען געטאן! און פארוואס!!!

דאס בלוט ווערט פארגליווערט פון קוקן אף אלץ און אט ווערט מען אויפגערעגט, ביז טרערן. קומענדיק צו מיין גאס, ביאלאסטאטשענסקי, גיי איך זיך לאנגזאם, ווי אין די צייטן ווען מען פלעגט מיר זאגן, אז מען וועט מיר שיסן. דער זעלבער געפיל באם גיין נענטער צום נומער 19, ווו איך האב געוואוינט. מיט 3 נומערן פריער זע איך שוין, אז די הויז איז אינגאנ־צן ניטא, אפילו קיין סקעלעט ניט געבליבן אף וואס צום א קוק געבן און צופאלן ווי צו אייגענע מיטן קאפ, זיך אויסוויינען, זיך אנשפארן ווי א קליין קינד, וואס הויבט ערשט אן גיין, זיך האלטנדיק בא די ווענט. איך טרעף נאר שטיינער פון פונדאמענט און א האלבן קוימען. פון אויבן זאמד און א שיטערער גרעזל אנגעוואקסן. איך שטעל זיך אפן פונדאמענט פון הויז, קלער און קוק ווו איז דא געווען דער פענסטער? ווו איז דא געווען די טיר? ווו איז דא געשטאנען מיין בעט? און ווו איז דא געהאנגען דאס בילד פון די עלטערן וואס זיי האבן געמאכט אין דער וואך פון זייער גליקלעכן כאסענע האבן, וואס מיר קינדער פלעגן שטענדיק קוקן ווי זיי ענדערן זיך, ווערנדיק עלטער און די מאמע פלעגט שטענדיק דערמאנען אונדז ווי זיי האבן אמאל אויסגעזען. יא! ווי זיי האבן אמאל אויסגעזען... און היינט, שטיי איך אליין אף די אייגענע כורוועס, וואס יעדער זאך וואס איך זאל ניט טאן, דערמאנט עס מיר אין די אלע גרויזאמקייטן, ווי זיי איז אויסגעקומען צום ליידן איבערנאטירלעך פאר גארניט, נאר דערפאר, ווייל מיר זיינען אידן! די לופט מיט וועלכער איך אטעם איצט שטייענדיק, איז אנגעזאפט מיט רויך פון זייערע קערפערס וואס האבן זיך געברענט אין די אויוונס פון טרעבלינקע, מאידאנעק, אשוויענטשים און אנדערע ערטער. דער רויך האט זיך געריסן אין שווארצע טרויער־וואלקנס צום הימל, גע־שריגן און געמאנט: וואס טוט א מענטש מיט א מענטש!!! אבער די לופט האט פארכאפט דעם רויך און אים איינגעזאפט אין זיך, צונישט געמאכט, ניט לאזנדיק, אז ער זאל בלייבן אלס שטענדיקער שווארצער וואלקן איבער דער וועלט. דאך, פאר מיר איז די לופט שווארץ געווארן ניט קע־נענדיק אויסטיילן זייער שטיקעלע רויך. עס שטיקט די לופט און עס פאלן

# חורבן ביאליסטאק

אראפ די הענט אין אנמאכט. שוואד ווערן מיר די פיס, וואס האבן גע־טראטן טויזנטער קילאמעטער איבער אלע וועלדער און שאסייען, בלאטעס. איצט צוזעענדיק די אייגענע שטוב אן זיי, בלייבט אלץ אין אנמאכט און די קני בויגן זיך אליין אייז, זיך אוועקזעצנדיק אף א בערגל פון פונדא־מענט. איך קוק גלייך, זע איך א שטיקל פארקאן מיט דראט פון אויבן. א זייכער פון געטא.

איך פארמאך די אויגן פון שרעק און אומבאוווסטזיניק טו איך א נישטער מיט דער האנט איבערן זאמד, גראב מיט די פינגער — נאך וואס וויים איך ניט — און טאפ אן עפעס אן הארטע זאך, עפן די אויגן און שלעפ ארויס אן אלטן צעבראכענעם זאיער. איך געדענק אים פון שטוב, וואס מען פלעגט אמאל זאיען קארטאפל און עס דערמאנט מיר באלד, ווען די מאמע פלעגט זאגן מיט פרייד, היינט האט איר קינדער אייער מייכל: לינדזן מיט אלקאלעד, ספעציעל פאר סראלקעז. עס ווערט מיר שוין שווער צו זיצן און איך הויב זיך אויף. די אויגן פאלן מיר צו צו אן עפענונג פון דער ערד וואס איך זע און דערמאן זיך, אז דא דארף זיין די גרוב וואס איך האב געמאכט פאר די עלטערן און שוועסטערל זיך צו בא־האלטן. איך גיי צו און בייג זיך איין, קוק לאנג אין דער עפענונג ווו א ברעט שטעקט ארויס איבערגעבראכן און פינסטער אינעווייניק, מער זע איך גארניט. א היץ האקט מיר ארויס פון גאנצן קערפער, און א שוויים כאטש ס'איז שוין הארבסט אין אקטאבער. דער ווינט לויפט, יאגט, ווי ער וואלט געוואלט אנטלויפן מיר ניט קענענדיק זען דא שטייענדיק מער, ווייל ווער קען דאס קומען צוריק און זען אזוינס? ס'איז מיר אויסערגעווייגלעך דושנע, כאטש ארום איז פריי. ניטא קיין שטיבער און צאם וואס זאל די לופט פארשטעלן.

איך שטיי איינגעבויגן קוקנדיק אין דער פינסטערניש פון דער עפע־נונג און קלער ניט קענענדיק באשטימען צי אנהויבן גראבן און אריינגיין אינעווייניק? ניין! כ'האב מוירע פאר זיך אליין. צי קען א מענטש אריינגיין אין אייגענעם קייווער?! עפשער ליגן דארטן די טייערע עלטערן און שוועס־טערל. איך באקום מוירע פארן געדאנק, טאמער טרעף איך זיי דארטן. און ווי וועל איך זיי קענען ענטפערן אף די פראגע: פארוואס דאווקע איך האב זיך אפגעשטעלט און מיט וואס פארא רעכט קום איך איצט צוריק טרעטן

# פּראָלקע קאַט

אַף דער זעלבער ערד, וואָס איז דורכגעווייקט מיט זייער בלוט. און עפּשער איז די גראָז וואָס איך זע שוין וועלקנדיק פון הארבסט באַמיסטיקט מיט זייער אַש פון קערפּער? און די זייף וואָס איך האָב זיך געוואַשן פון זייער פעטס? איר זיינט אַף אַזאַ אומבאַנעמבאַרן אויפן אָוועקגעריסן געוואָרן פון לעבן. מאַמע! טאַטע! רייצעלע! און ברידער! וואָס דאַרף איך טאָן ביכדיי צום קענען זיך פאַרענטפערן פאַר זיך אַליין, פאַר מיין אייגענעם געדאַנק, שוין ניט רעדנדיק, ווען איך וועל דאַרפן קומען צו מענטשן זיך ווייזן און זאָגן: איך בין דאָ איצט ווייטער אַף דער וועלט?! ווי עס קלינגט איצט יעדער וואָרט, וועגן מענטשן און וועלט. ווען עס איז אַראָפּגעריסן געוואָרן מיט איין מאָל אַלע ליבשאַפטן פון אַזוי פיל יאָרן איינגעזאַפּטקייט צו אַלץ וואָס איז לעבן און מענטשלעכקייט. איך שטיי אויפגעדרייט פון יעסורים קוקנדיק קעסיידער אַף דער עפּענונג. זעץ זיך און שטעל זיך אויף. ווייס ניט וואָס כ׳האָב דאָ צום טאָן? אויפגראָבן? פעלט מיר מוט. אַוועקגיין? קען איך ניט. איך קוק זיך אַרום, אַלע מאָל אַף אַלע זייטן און יעדער בליק אַף דעם אַרום, מאַכט מיר קעסיידער שווערער. עס הויבט אָן צו ווערן טונקל. עס פאַלט שוין צו דער אָוונט. וווּ גייט מען איצט? שטעלט זיך מיר אַ פראַגע. איך בין דאָך שוין געקומען אַ היים, אַ זיגער...

ס׳איז שוין שטאַרק טונקל ווען איך פאַרלאָז די „היים" און גיי זיך ארומקוקן אַף די קעסיידערדיקע איינגעוואָרפענע הייזער, ניט זעענדיק קיין לעבעדיקן מענטשן און באַשעפעניש. פון וויטן ווי אַ שאָטן, זע איך עפּעס אַדורכגיין צווישן די אָפענע הויפן אַ מענטשן. איך יאָג זיך שנעל און דעריאָג אים און פרעג אין פּויליש: וווּ וואוינען דאָ אידן? ער קוקט מיר אָן ווי איך וואָלט געווען אַ מעשוגענער און ענטפערט מיר: זשידזשי, ווצאַלע ניע ווידזדשאַלעם. ניעמאַ טוטאַי.*) איך בלייב שטיין און ווייס שוין גאָרניט וואָס צו טאָן. איך הויב אָן ווייטער צו גיין און זע אין אַ פענסטער עפּעס ליכטיק. איך גיי אריין אין שטוב, זיצט אַ פּוילישע פרוי, געווען אַמאָל אַ אידישע שטוב, און פאַרעט זיך באַם קיך. דאָברי וויעטשור. (גוט אָוונט), זאָג איך איר און פרעג וווּ וואוינען דאָ אידן. זי פאַרקלערט זיך לאַנג און

*) אידן האָב איך אינגאַנצן נישט געזען. נישט דאָ.

ענטפערט, איר דאַכט זיך, אַז אַף קופּיעצקי גאַס 24 האָט מען געזאָגט זיינען געקומען אַ פּאָר אידן, אַף זיכער, ווייסט זי ניט. איך לאָז זיך דאָרטן און זע טאַקע אַן האַלב כאָרעוון מויער, אויסגעהאַקט די שויבן, אָנגעוואָרפן פיל זאַכן שמוציק. אויך אַף די טרעפּ, זיינען אָנגעוואָרפן פאַרשידענע זאַכן, איך גיי אַרויף און טרעף אין דער פינסטערניש פון אַ צימער באַ אַ צעבראָכן טישל אַף אַ שטול, אַ ביסל אָן אַזייט, זיצט עפּעס אַ פרוי ווי אַ שאָטן בלאַס, דאַר, גאָרניט צום דערקענען ווער דאָס איז. גוט אָוונט זאָג איך אין אידיש. דאָ וואוינען אידן? יאָ ענטפערט זי מיט אַ שטילע קוים וואָס איך הער שטימע און קוקט מיר אָן מיט אַ קאַלטן מאַטן בליק.

אין דער צייט וואָס מיר זיצן און קוקן זיך אָן, זיך ניט קענענדיק דערקענען איינער דעם אַנדערן פרעגנדיק, זי באַ מיר און איך באַ איר צי מיר זיינען ביאַליסטאָקער, קומט אריין איר מאַן, פון וועלכן מען זעט נאָר אריינגייענדיק, אַ פּאָר הויזן און שיך אָנגעטאָן אַף אַ סקעלעט פון אַ מענטשן. מיר שמועסן לאַנג, זיך אינטערעסירנדיק איינער באַם צווייטן ווער ס'איז נאָך געבליבן? פון וועמען יעדער איינער ווייס? וואָס פאַראַ יעדיעס ער האָט. ווי שרעקלעך עס איז צו הערן ווען קיינער ווייסט ניט פון קיין טויזנטער אָדער הונדערטער איבערגעבליבענע, נאָר פון איינצלנע, וועלכע מען קען נאָר ציילן אַף די פינגער און פון די איינצלנע וואָס קומען זיך שפּעטער אויף צו נעכטיקן אין דער דירע, נאָכן אַ גאַנצן טאָג אַרומגייען איבער די גאַסן זוכן עפּעס וואָס צום עסן, דערווייל באַ אַלטע באַקאַנטע פון אַמאָל, קען מיר נאָר איינע, די פרוי דינע טרעשטשאַנסקי, אַ שכיינע פון אַמאָל וואָס האָט מיר אויפגעכאָוועט. דאָס איז די איינציקע וואָס איך טרעף און זי קען באַשטעטיקן, אַז איך בין פון דער שטאָט. די איבעריקע זיינען מיר איינע די אַנדערע ניט באַקאַנט, ווי מיר וואָלטן גאָר קיינמאָל פון דער זעלבער שטאָט ניט געווען.

וואָס צו שמועסן האָבן מיר דאָך ניט, ווייל יעדער איינער פון אונדז ווייסט אַלץ און דאָך איז באַ יעדן איינעם די געשיכטע אַנדערש און גרויזאַמער. דערווייל ווער עס קומט אָן צו ביסלעך, ווער באָרוועס, ווער אָן זאַכן, אין פאַרשידענע פּאָזעס, קלייבט זיך אוים אַ שטיקעלע פּאָדלאָגע און לייגט זיך איבערשלאָפן, אונטערגעשפּאַרט דעם קולאַק צוקאָפּנס און צוגעדעקט מיט די פּאַפּירן און ביכער, וואָס וואַלגערן זיך אַרום אין דער דירע, שווער־

## פ ר אָ ל ק ע   ק אַ ט

צו פאַרטרייבן די געדאַנקען צו וועלכע מען דאַרף זיך צוגעוואוינען און זאָגן, אַז דאָס איז די ווירקלעכקייט, נאָך וועלכן מען האָט אַזוי לאַנג גע־וואַרט, אויסהאַלטנדיק אומגלויבלעכע באַדינגונגען, וואָס קיין מענטשלעכע פאַנטאַזיע האָט נאָך ביז איצט ניט באַוויזן צו באַשרייבן דאָס און דער וואָס האָט עס דורכגעלעבט, פרעגט צי איז דאָס מעגלעך געווען צו איבערטראָגן? דינע טרעשטשאַנסקי נעמט מיך צו זיך אין צימערל און גיט מיר אַ בעט, וועלכע איך האָב שוין מער ווי אַ יאָר צייט ניט אָנגעזען און בין גאָרניט געוואוינט ווי אַזוי מען ליגט זיך דאָ אַריין. זי בעט מיך אויס מיט ריינע וועש וואָס איך געדענק שוין ניט ווען איך האָב עס געזען און ליג זיך שלאָפן. איך בין אויפגעשטאַנען זייער שפּעט. אַזוי האָט מיר פאַרשלעפערט שטאַרק די בעט. שוין קיינעם ניט געטראָפן פון די וואָס זיינען געשלאָפן אויף דער ערד און טישן. יעדער איינער צעגייט זיך ארומקוקן אויף די פריער־דיקע וואוינונגס־ערטער, זוכנדיק אויך בא באַקאַנטע שפּייז.

## די ערשטע לעבנגעבליבענע אידן

דער גערעַנגל מיטן נאַצי־באַנדיטיזם, דויערט נאָך ווייטער. ס'איז שוין אָבער קלאָר פאַר אַלעמען, אַז די קריג וועט זיך ענדיקן מיטן זיג פון די אַלע פאַראייניקטע פעלקער, וואָס קעמפן קעגן דעם פאַשיזם. אויף דעם טייל פון דער באַפרייטער פוילישער טעריטאָריע, וואָס איז באַזעצט דורך דער רויטער אַרמיי און די קעמפענדע אָפּטיילונגען פון דער נייער פוילישער רעגירונג, הויבן זיך אָן צום באַווייזן איינציקע אידן, וואָס קריכן אַרויס פון פאַרשידענע ערטער, ווו זיי זיינען געלעגן באַהאַלטן און אויף פאַרשידענע אויפאַנים, האָבן זיי דורכגעמאַכט זייערע ליידן. יעדער איינער באַזונדער איז אַ וועלט פאַר זיך, מיט אַנדערע מיטלען זיך דערהאַלטן און קומענדיק צוריק אין זיין היים־שטאָט, האָט זיך קיינער ניט פאָרגעשטעלט פונדעסט־וועגן, אַז ער וועט אָנטרעפן אויף דעם וואָס ער האָט געזען מיט זיינע אייגענע אויגן; קיינעמס געדאַנק איז ניט געווען בעקויאַד אויפצונעמען דאָס וואָס מען האָט געזען. און הערנדיק פון יעדן איינציקן, ווי אַזוי ער האָט זיך אויסגעהאַלטן, אינטערעסירט קעסיידער אַפילע אונדז, וואָס מיר האָבן דאָס אַלץ געזען.

# חורבן ביאַליסטאָק

די ערשטע אידן אין ביאַליסטאָק וואָס זיינען געווען אין שטאָט באַלד נאָך דער באַפרייונג די צוויי ברידער אָקאָן, זיינען געלעגן אונטער אַ פּאָדלאָגע פון אַ שטוב אַ יאָר צייט. פון אויבן האָבן געוואוינט דייטשן, וועלכע פלעגן טומלען, טופּנדיק מיט די פיס. אין דער צייט, פלעגן זיי זיך קענען איבערדרייען פון איין זייט אויף דער אַנדערער. ווען ס'איז זיי אויס־געגאַנגען די צוגעגרייטע שפּייז, פלעגן זיי די לעצטע דריי מאָנאַטן עסן נאָר רויע מעל אַ גלאָז אַ טאָג און עטלעכע רויע אַרבעס. יעדן טאָג האָבן זיי פאַרקלענערט די פּאָרציעס, ניט וויסנדיק ווי לאַנג זיי דאַרפן נאָך זיין. נאָך



די היסטאָרישע קאָמיסיע אין ביאַליסטאָק וואָס דאָקומענטירט די נאַצישע ברוטאַליטעטן. אינמיט פון רעכטס צו לינקס: דר. דאַטנער און דר. טורעק.

דער באַפרייונג זיינען אַרויס צוויי סקעלעטן, וועלכע זיינען אַרומגעגאַנגען אין שטאָט און דערציילט. מען האָט זיי ניט געוואָלט גלויבן, פלעגן זיי אַלס אַ באַווייז, בעטן אַ גלאָז רויע מעל און אויפעסן פאַר יענעם אין די אויגן. זיי ביידע זיינען די איינציקע פון טויזנטער אידן וואָס זיינען געלעגן אין סכראָנעס. די וואָס מען האָט געכאַפּט, האָט מען אַוועקגעפירט אין פּיעטראַשנע, און אויסגראָבנדיק גריבער צעשאָסן ביזן קלענסטן אויפעלע.

איין אינגל, קאָוואַרסקי, פון 10 יאָר איז געבליבן לעבן. ער מיט זיין

## פראַלקע קאַט

מוטער און נאָך אידן זיינען געלעגן באהאלטן לאַנגע כאדאשים, נאָכדעם ווי ביאַליסטאָק איז שוין געווען יודן־ריין. אַבער די וואָס פלעגן גיין ראַבירן אין די גאסן פון געטאָ די איבערגעבליבענע גוטס וואָס האָט זיך געוואַל־גערט, האָבן אַנגעטראָפן אַף זייער אָרט, געבראַכט דייטשן. זיי געפינענדיק אַלעמען, האָט מען זיי אויפגענומען און מיט אויטאָס געפירט אַלעמען שיסן אין פּיעטראַשע. מען האָט שוין פון פריער אויסגעגראָבן גריבער און געהייסן זיך אַלעמען אויסטאָן נאַקעט אַריינגייענדיק אין גרוב, ביכדיי דעם דייטש זאָל זיין לייכטער צום שיסן. ס'איז שוין געווען פאַרנאַכטלעך, טונקל, דער אינגל האָט געזען וואָס דאָ קומט פאָר, האָט ער זיך פאַרבאַהאַלטן



א גרופּע פּראַנט קעמפער און פּאַרטיזאַנער ביי ציטראָנס בייס מעדריש אַף פּאַלנע גאַס

אונטער די אויטאָס וואָס זיינען געשטאַנען און צוגעזען ווי מען שיסט זיין מוטער און אַלע איבעריקע אידן. אין דער טונקלקייט האָבן די דייטשן זיך געאיילט, גיך צוגענומען די זאַכן אַף די אויטאָס און אוועקגעפאָרן. דעם אינגל האָבן זיי ניט באַמערקט און ער איז געבליבן אַפן אָרט די נאַכט און נאָכדעם האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן, ביזן אַריינגיין פון דער רויטער אַרמיי. 10 אידן זיינען געבליבן פון 100 און שפּעטער פון 40 וואָס זיינען געזעסן

# כורבן ביאַליסטאָק

אין טורמע אין ביאַליסטאָק, וועלכע מען האָט אָפּגעשטעלט נאָך דער ליקווידאַציע פון 16־טן אויגוסט, זיי זאָלן אַרבעטן, ווייל דעם גענעראַל פון ביאַליסטאָק איז געווען אַ שאָד צו אומברענגען זיי באַלד, ווען ער קען זיי נאָך אויסנוצן פאַר זיך אויפצובויען אַ פּאַלאַץ פאַר אים, האָבנדיק אומזיסטע הענט. אָבער דער געזעץ פון דייטש איז געווען, אַז אין ביאַליסטאָק טאָר זיך שוין מער זיך ניט געפינען קיין אידן. האָט מען זיי געהייסן רעדן נאָר פּויליש און זיי זאָלן אָנגיין אַלס פּאָליאַקן, אַבי צו אַרבעטן פאַר אים אומזיסט. באַטאָג אַרבעטן זיי, באַנאַכט זיצן זיי אין טורמע און יעדן מאָל נעמט מען צו צעשיסן די וועלכע זיינען שוין ניט נויטיק.

אַ פּאָר מאָנאַטן פאַר דער באַפרייונג זיינען נאָר געבליבן פון זיי 40 אידן, וועלכע מען האָט געצוואונגען צום אויסגראָבן אַלע ערטער וווּ דער דייטש האָט צעשאָסן די אידן, לייגנדיק די טויטע קערפּערס אַף האָלץ: אַ שיכט מענטשן, אַ שיכט האָלץ, נאָכדעם באַגיסן די האָלץ און מענטשן מיט ברען שטאָף און אונטערצינדן, עס זאָל קיין שליאַדן פון זייער קעסיידערדיקער אַרבעט פון די שיסונגען ניט בלייבן. ניט איינער האָט דערקענט זיינע נאָענטע און געמוזט אונטער דראָונג פון געווער טאָן די אַרבעט, ווייל זיי האָבן זיך שוין געריכט צו אָפּטרעטן פון שטאָט. ווען נאָך אַ פּאָר מאָנאַטן אַרבעטן איז אַלץ געווען פאַרענדיקט, האָט מען זיי געהייסן אַליין אויסגראָבן אַ גרוב, זיך אויסטאָן נאַקעט און 30 באַוואָפנטע דייטשן מיט געווער זיינען געשטאַנען און געוואַרט זיי זאָלן זיך אויסטאָן, קעדיי זיי צעשיסן. אָבער די אידן האָבן דערזען וואָס דאָ קומט פאָר, האָבן זיי זיך געוואָרפן אַף די דייטשן מיט די הוילע הענט. ווער האַלב נאַקעט, ווער אינגאַנצן נאַקעט, זיך דורכגעריסן אַ וועג און זיך פאַנאַנדערגעלאָפן. 30 אידן זיינען געפאַלן, 10 זיינען אַרויס גאַנץ און האָבן די לעצטע וואָכן זיך אויסבאַהאַלטן אין שטאָט, זיך דערוואַרט אַף דער באַפרייונג.

אויסער די פאַרטיזאַנער פון ביאַליסטאָק וועלכע האָבן מיט אייגענער איניציאַטיוו פון דער ערשטער מינוט, גענומען זייער גורל אין די הענט, פאַרשטייענדיק, אַז נאָר קאַמף איז דער איינציקער וועג אין באַפרייונג, זיינען אַף אומגלויבלעכע פאַרשידענע אויפאַנים, איינצלנע אידן געקומען צוריק, וועלכע מען האָט געקאָנט ציילן אַף די פינגער. דער קלענסטער ווי־

## פּראָלקע קאַט

דערשטאַנד, אַפילע מיט די הוילע הענט, ווי דער פאַל מיט די 40 אידן, האָט געגעבן מער פּראָצענט זיכערקייט צו בלייבן לעבן, ווי גיין מיט מוטלאָזיקייט, אָדער מיטן רעליגיעזן שטאַנדפּונקט, ווי עס איז געווען פאַלן פון זאָגן, אַז עס איז אַ גזאר. קיין שום גזאר איז דאָס לעבן, נאָר מיט האָפענונג און גלויבן אין די אייגענע קויכעס, וועלכע מוזן שטענדיק אַנגעווענדעט ווערן אין דעם דעצידירנדיקן מאָמענט, קען מען זיך ראַטעווען. יעדער קאַמף איז אַ געווינענער, אויב ניט פאַר די וואָס קעמפן, איז פאַר די וואָס וועלן לערנען פון אים. אָבער מוטלאָזיקייט און שטאַדלאָנעס, זיינען שטענדיק פאַרשפּילט פאַר די, וואָס לאָזן זיך פון דעם פירן און פאַרשפּילטער וועג פאַר די וואָס וועלן זיך לערנען מיט אים גיין אַף ווייטער. דאָס האָבן מיר געלערנט די אַלע איבערגעלעבטע אידן און מיט דעם קומען מיר צו אונדזערע ברידער וועלכע פאָדערן פון אונדז: אַז ענטפער אַף דער פראַגע: וואָס איז געווען? אָט דאָס איז געווען! אַזוי נאַקעט ווי מיר דערציילן, אַזוי שווידערלעך ווי אונדזערע וווּנדן די ניט פאַרהיילטע: די וואָס האָבן געוואָלט ראַטעווען דאָס אייגענע לעבן, פאַרקויפנדיק דעם צווייטן שטענדיק דעם אייגענעם איך העכער פאַרן גאַנצן פאָלק, און די הונדערט פּראָצענטיקע פאַרניכטונג אונדזערע, איז נאָר אַ פּראָדוקט פון דער פירונג.

די גאָר קליינע טיילן פון די אידישע יוגנט וועלכע זיינען דערצויגן געוואָרן אין רעוואָלוציאָנערן גייסט, קעמפענדיק שטענדיק קעגן די אַנדערע מינים פירונגען און דערציִונגען, האָבן באַוויזן אַפילע אין די גרויזאַמסטע צייטן פון פאָלק פאַר דער וועלט און פאַר דער צוקונפט, אַז אַ דאַנק דעם קאַמף, זיינען געבליבן פון אונדז די אַלע וואָס זיינען געגאַנגען אַף די וועגן. און 20 פּראָצענט פון די וואָס זיינען געפאַלן, זיינען אויך מענטשלעך, ווירדיק געפאַלן ווי אַלע קעמפער פון פעלקער, אַלס גלייכע מיט אַלעמען; ווייל פאַלן פון אומקום איז אין די באַדינגונגען געווען אומעגלעך צו פאַרמיידן.

## יאָם קיפּור 1944 אין ביאַליסטאָק

וועלכער איך עס זאָל זיך ניט דערמאָנען יאָם-קיפּור, וואָס איז אים אויסגעקומען צו זען און בייזיין אין דער היים פון זיין שטאָט, אָדער שטעטל

# חורבן ביאַליסטאָק

וואָס פאַרא קוק אָדער אָפּשאַצונג ער זאָל ניט האָבן אַף דער רעליגיעזער צערמאָניע, בלייבן אים פאָרט טיפע דערינערונגען. מיט אַ קלעמונג אין הארצן וועט ער דערמאָנען זיין יוגנט, די היים פון די עלטערן אין דעם ספּעציעלן טאָג וואָס האָט באַ אַלעמען אויסגעזען אַנדערש, ווי אַלע טאָג פון אַ גאַנץ יאָר. די לײדיקייט אין גאַס, די געפּאַקטע שילן און ספּעציעל די שטימונג פון די מענטשן אין די שילן. אָבער ווען איך דערמאָן זיך דעם יאָם־קיפּור פון ביאַליסטאָק פון 1944 יאָר, ווען פון זעכציק טויזנט אידן האָבן זיך קוים אויפגעקליבן 30 אידן און נאָך אַ 10 צוגעקומענע פון דער פּראָווינץ, מוז איך זיך אָפּשטעלן אַף דעם טאָג ספּעציעל, מיט דער פראַגע וואָס האָט אונדז דענסמאָל געבראַכט אין שיל, ניט אַזוי אונדז ווי אידישע אָפיצירן פון דער רויטער אַרמיי, וועלכע זאָל שטיין מיט אַ סידער אין האנט און דאַווענען; אידישע אָפיצירן פון דער נייער פּוילישער אַרמיי, וואָס זאָלן טאָן דאָס זעלבע און נאָך מער, אַ איד מיט אַ ציילעם אַפן האַרצן וואָס איז געקומען צוריק צו אידן, ניט קענענדיק פעסטשטעלן, וואָס האָט ער געטאָן אין שיל מיטן ציילעם, און צו וועמען האָט ער גדאַוונט.

די נאַטור האָט זיך איר אייגענעם גאַנג,, ווי מיט טויזנטער יאָרן צוריק און עס גייט איר ניט אָן, וואָס עס קומט פאָר אַף דער ערד פון די מענטשן, און די ענדערונגען וואָס די מענטשן פירן דורך אין זייער לעבן אַפן עקאָנאָמיש־פּאָליטישן געביט. זי מאַכט זיך ניט קיין ווען. עס קומט אָן דער האַרבסט אין אונדזער קאַנט, מיט די שטאַרקע קאַלטע ווינטן און רעגנס, ווו מען דאַרף זיך שוין אָנגרייטן ווינטער וועש און פאַרזיכערן די פענסטער פון דעם אַריינשמייסנדן רעגן. מיין דירע איז דענסמאָל געווען אַף קופּיעצקי 39, אָן אַלטע כאָרעווע געביידע, אויסגעהאַקטע שויבן, אַ העלפּט צימער אַרומגעריסן די פּאַפּיר, פינצטער, קיין עלעקטריע ניטאָ, נאָר אַ שמאַטקע פאַר אַ קנויט אין אַ פלעשל, קאָפּטשעט, אַ בעט אַ הוילע אָן אַ צודעק, אַ צעבראָכן טישל, געפונען ערגעץ, מיט דריי אַ האַלב פוס, וואָס פאַלט זייער פיל מאָל אום, ווען איך שפּאַר זיך אָן, אָדער אַ כאַווער פאַר־געסט און שפּאַרט זיך אָן. זיצן מיר זיך אַזוי עטלעכע לעבנגעבליבענע און שמועסן, דערציילנדיק זיך פאַרשידענע עפּיזאָדן פון אונדזער פריערדיקן לעבן, דערינערונגען. רופט זיך איינער אָפּ: קומט מירן גאָר צוגיין זען ווו מען דאַוונט קאָל־נידרע. לאַנג בעטן דאַרף מען ניט. ווו צו גיין און וואָס

# חורבן ביאַליסטאָק

צו טאָן איז ניטאָ. אין צימער איז קאַלט, אַלץ איז אָפן. לאַנג גיין דאַרף מען היינט ניט דורך די גאַסן אָדער געסלעך ווי אַמאָל. אַזוי ווי מען גייט נאָר אַרויס, גייט מען גלייך מיטן נאָז איבער הויפן, גאַסן, שטיבער. אַלץ איז דאָך גלייך מיט דער ערד. אַמאָל וואָלט מען אַף דער גאַס ווו מען דאַוונט היינט, אַף מלינאָווע 157, זיך געדאַרפט דרייען דורך געסלעך און גאַסן, היינט איז אַ פאַרגעניגן: „פרייהייט און גלייכהייט" פריי די וועגן אָן שטיבער און גלייכהייט — אַלץ איז אויסגעגלייכט מיט דער ערד.

אָנקומענדיק אין דער פינצטער, זעען מיר שוין פון דער ווייטנס ווי אין אַ פענצטער פון אַ נייַ הויז לייכט זיך עפּעס, מיר גייען אַריין און אָפן ערשטן בליק באַגעגנט באַלד אַ בילד: אין אַ קליינעם צימער אין אַ ווינקל פון מיזרעך שטייט אַ טיש אָנגעשטעלט ליכט וואָס ברענען; דער גאַנצער צימער איז פול מיט אידן, מערסטן מענער און עפּשער זעקס פרויען מער ניט. שטייען צוזאַמען אַלע און וויינען, אַלע פּנימער באַוואַקסן, אָנגעטאָן אין זאַכן אַלטע, צעריסענע. שטייט מען אויסגעדרייט יעדער איינער מיט זיינע ווונדן, קיין איין איד מיט קיין באָרד און קיין איין קינד. אַלע אין עלטער פון 25 ־ ביז 45, דערצו קומען נאָך צו מיליטער־לייט, אָפיצירן פון אַלע אַרמייען, פּאָשעטע סאָלדאַטן, אַנדערע מיט אויסצייכענונגען און אַנדערע אינוואַלידן. דער באַם אָמעד זאָגט פאָר, אָבער מען הערט אים זייער שוואַך, ווייל פון יעדן ווינקל און פון יעדן זייט, רייסט זיך אַרויס אַן אַנדער אוי! מיט אַ כליפּ און פאַרקייכן זיך אין ספּאַזמען. אָן טאַליסים, אָן ווייסע קיטלען, אָבער אַלע מיט גרויסע ווונדן אין האַרצן און געשוואָלענע אויגן שטייט מען אויפגעשטיקט און יעדנס געדאַנק און בליק איז געווענדעט ווו!? דאָס קען איך ניט באַשטימען און קען צו קיינעם אין געדאַנק ניט אַריינקריכן. פאַרשידענע אידן: אַ רוסישער הויכער אָפיציר שטייט, האַלט אַ סידער לעבן אַ ברוסט פול מיט מעדאַלן און וויינט, צי דאַוונט ער ערנסט? עס לאָזט זיך ניט גלויבן! נאָר איין זאַך לאָזט זיך יאָ גלויבן, מישפּעטנדיק פון זיך אַליין: אָנווערנדיק אין קריג אַלעמען און צוזעענדיק די ווירקלעכקייט פון לעבן, וועלכעס האָט זיך אַרויסגעוויזן גרויזאַם, האָט עס אַרונטעריסן פיל האָפענונגען וועלכע מען האָט געלייגט אַפן מענטשן זייענדיק אַפן פראָנט, אָפּפערנדיק דעם לעבן און מען האָט זיך געבראָכן. זוכנדיק

וווּ, פאַר וועמען זיך אַראָפּצורעדן פון האַרצן, זיינען זיי געקומען אין שיל זיך אויסוויינען.

שווער צום פאַרענטפערן פיל פראַגן פאַר אזוינע וואָס האָבן אַלץ מיטגעמאַכט. שטייט זיך אַ איד וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ פּאָליאַק. גרויסע וואָנסן, אַ פּויליש היטל, שטיוול, אַ ציילעם אפן האַרצן. שווער צום דערקענען צי ס׳איז אַ איד צי ניט. אָבער די אויגן זיינען פאַרשוואָלן. קיין סידער האַלט ער ניט, נאָר אַ שטעקן. איך קוק אים אָן, און גיי לייען אַראָפּ פון אַזאַ מענטשן, לויט זיין האַלטונג און פירונג וואָס טוט ער דאָ? ווי צעבראָכן, וואָס פאַראַ מין געגעם פון ליידן דער מענטשן איז אַדורך! ניט זייענדיק קיין רעליגיעזער פון פריער, זיך האָבנדיק געשמאַדט און איצט אין שיל, ווען אַלעמענס אויגן אָבסערווירן אים, וויינט ער גלייך מיט אַלע־מען, ענטפערט אָמיין! נעמט דעם ציילעם ניט אַראָפּ, אָבער אינטערעסירט זיך מיט אַלע אידישע איניאָנים. שפּעטער האָב איך זיך טאַקע דער־וווּסט, אַז דער דאָזיקער איד איז אומגעקומען נאָכער אין אַן אָנפאַל פון פּאָליאַקן אַף אַ שטעטל, ווו עס האָבן זיך צוריקגעקערט 10 אידן, און ער איז אומגעקומען זייענדיק אין שטעטל צווישן אידן. אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט זיין לעבן. אָבער אין שיל יאָם־קיפּור איז יעדער אַ איד באַ־זונדער געקומען זיך אויסרעדן מיט זיך אַליין, ניט בעטן באַ קיינעם קיין פאַרגעבונג און גוט יאָר, נאָר פאָדערונג און ענטפער באַ גאָט, באַ די אַנדערע, אָדער באַ זיך אַליין. ניט זיך קלאַפּן אַל־כעט, נאָר קלאַפּן אין טיש! ניט מאַזקיר נעשאָמעס זיין, נאָר פאָדערן פאַר די נעשאָמעס און פאַר זיך אַליין אַ באַפרידיקונג, אַן ענטפער אַף אַלץ וואָס ס׳איז פאָרגע־קומען.

ס׳איז ניט געווען קיין דאַווענען פון אַמאָל, ווען עס האָבן זיך צייטנ־ווייז אַפילע געהערט די ווערטער פון כאַזן וואָס איז געשטאַנען באַם אָמעד און אויסגעפירט זיינע אַלע פליכטן וועלכע דער דאַווענען לייגט אַף אים אַרויף. זעלטן ווען עס אינטערעסירן איינעם די ווערטער פון דאַווענען וועלכע ער הערט דעם כאַזן. נאָר דאָס פריער געזאָגטע וועלכע בינדט דעם מענטשן מיט זיין פאָלק און די איצטיקע גרויסע פאַרניכטונג פון וועלכע שיכט און וועלכן קלאַס ער זאָל ניט זיין און וואָס פאַראַ אָנשויונגען ער זאָל ניט האָבן, האָט אים אַזוי צעבראָכן, אַז אים האָט געצויגן צום

## פ ר אָ ל ק ע   ק אָ ט

קליינעם הייפעלע און פינסטערן צימער, צו געפינען עפּעס אזוינס וואָס זאָל אים פאַרלייכטערן, געפינען אַ פאַרענטפערונג. אָבער אַוועקגייענדיק פון דאַווענען, האָט דאָס נאָך מער פאַרביטערט און פאַרשווערט דעם גע־דאַנק אָבסערווירנדיק, וואָס עס איז געוואָרן פון אונדז און ווי מיר זען אוים איצט נאָכן זיג, וועלכער איז שוין פאָרויסגעזען.

## די ערשטע שריט צו אַ נייעם לעבן

ווי די אידישע לעגענדע דערציילט פון טויזנט יאָרן צוריק, פון די צייטן ווען דער מאַבל איז אַוועק און נויאַך האָט ארויסגעלאָזן פון יעדן מין באַשעפעניש אַ פאָר, עס זאָל זיך צוריק קענען אַנטוויקלען די וועלט, לויט איר פאָרם, אַזוי האָבן זיך איצט צונויפגעקומען די ערשטע אידן. יעדער אַיינער פון אַ פאַרשידענעם שיכט און יעדער אַיינער האָט זיך צוריק גענומען צו זיין פריערדיקער אַרבעט: אַ שוסטער, אַ שניידער, אַ פאַבריקאַנט, אַ שטעקל דרייער, פון יעדן מין מענטש — איינער. יעדער איינער שאַפט זיך איין אַף זיין אויפן אַ וואַרשטאַט און הויבט אָן צו אַרבעטן.

פאַרנאַכט קומען זיך אַלע צונויף און רעדן ארום די באַדינגונגען פון נייעם לעבן, ווי איינעם גיט זיך איין בעסער איינצואָרדענען און דעם צווייטן ערגער. דער שטאַרקערער, נעמט שוין צו צו דער אַרבעט דעם ניי צוגעקומענעם וואָס קאָן זיך נאָך אזוי גיך באַ די נייע באַדינגונגען ניט געבן קיין אייצע און באַצאָלט אים פאַרן טאָג אַרבעט אַן איינגעשטעלטן פרייז. דאָס לעבן פאָדערט זיינס. ער ווייס ניט פון קיין שום צעבראָכנקייט און סענטימענטן. לעבסטו? — קעמף ווייטער פאַר דיין לעבן און מאַך זיך אַ וועג לויט די איינגעשטעלטע געזעצן אין וועלכע דו געפינסט זיך. דער ערשטער קאָמיטעט שאַפט זיך פון זיך אַליין, קיינער קלייבט אים ניט, ווער עס האָט נאָר אַן אינטערעס טוט די אַרבעט אַליין. עס געפינען זיך אויך עטלעכע פרומע אידן וואָס זיצן יעדן אָוונט און לערנען געמאָרע. דאָס דאָזיקע בילד פון אַמאָל וואָס איך האָב געזען, האָט אַף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק ווען בין צופעליק אריין באַטאָג אין אַ צימער פון דער שטוב ווו דער קאָמיטעט פלעגט זיך צונויפקלייבן און געטראָפן זיצנדיק יונגע צען אידן באַ אַלטע צונויפגעקליבענע שיימעס און לערנען. איך בין

# כורבן ביאַליסטאָק

געשטאַנען עפשער צען מינוט און געקלערט, מיט וואָס פאַרא געדולד און קלאָרן קאָפ קענען דאָס איצט זיצן מענטשן, יונגע, וואָס האָבן אַזוי פיל אַדורכגעלעבט און לערנען זאַכן, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק און נאָך דיסקוטירן איבער זיי, פונקט ווי אַלץ וואָלט גע־גאַנגען נאָרמאַל, ווי קיין זאַך וואָלט ניט געשען. דעם ענטפער אָף דעם געפינען מיר אין דער טענדענץ זיך צו קלאַמערן אין דאָס אַלטע,, כאָטש עס איז פאַרמישפּעט צום אונטערגאַנג.

אָבער איצט, נאָכדעם ווי מיר זיינען אויסגעליפערט געוואָרן צו דער



צוריק צום לעבן: ביאַליסטאָקער שול־קינדער מיט זייער לערער

שכיטע אלס גאַנץ פאָלק אָן אונטערשייד, מוזן מיר זיך אַלס גאַנצע שטעלן אין קאַמף קעגן דעם אַלטן סיסטעם, וואָס ברענגט אונדז אום, און קעמפן עקזיסטירן ווייטער אַלס פאָלק. אין יעדן קאַמף וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דער וועלט, פלעגט אונדזער פאָלק שטענדיק געפינען אין די שיכט! וואָס טראָגן די נייע אידייען אַ וועג צו אַנטוויקלען זיך און אין איצטיקן גערא‍ַנגל צווישן דעם אַלטן סיסטעם פון דער וועלט מיט די נייע פאָרמען וואָס מוזן דורכגעפירט ווערן, איז אונדזער וועג צו אונטערשטיצן און

## פּראָלקע קאַט

קעמפן פאר דאס נייע, וואס טראגט מיט זיך דעם רוף צו מענטשן־ליבע און קעגן עקספּלאָאטאציע פון מענטש איבער מענטש. ווייל דער אַלטער סיסטעם, וואָרצלט איין און פאדערט פאר זיין אויפהאַלט — נאר ראסן־האס און עקספּלאָאטאציע פון פעלקער.

איך וויל ניט, אז דער וואס וועט דאס איבערלייענען זאל אַ קרעכץ טאן, אָדער באַדויערן דעם גוירל פון די מענטשן וואס האבן זיך געפונען אינמיטן פון די געשעענישן און מיטגעמאכט אזוינע גרויליקע איבערלע־בונגען, נאר ער זאָל מישפּעטן לויט די אַלע פאקטן וואס איך האב דאַ אָנגעגעבן און בילדער וואס איך האב געזען, אַלץ מיטמאכנדיק אליין, אַף דער אייגענער הויט, דאס זאל זיין אַ רוף צום קאָנטראָלירן די ביז איצטיקע איינשטעלונגען און מאיסים און ניט צולייגן קיין האנט ווייטער צו דערפירן די זעלבע מענטשן, אין וועלכער פאָרם זיי זאָלן זיך ניט באווייזן צו דער מאכט, וואס וועט ווייטער דערברענגען צו דאס זעלבע, נאר זיך לאָזן מיט אַלע מיטלען אין קאמף קעגן זיי. דאס איז דער אויפן מיט וועלכן מען קען באערן דעם קאָוועד און אָנדענק פון אַלע געפאַלענע טייערסטע אונדזערע עלטערן, ברידער, שוועסטער, פרויען, קינדער, זיידעס און באָבעס, אומשולדיק דערמאָרדעטע און קעמפער פון די ארמייען אין פאַרטיזאנקעס אין געטאָ.

